# דער יוד

# DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.



אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.



דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ. — 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.



קראקויא, אלול תרס"א. — נומר 34 — Krakau, 22 August 1901.


## אינהאלט.



### ה. תרס"א — וואכען-קאלענדער (לוח) — 1901

| די טעג פון: חודש | וואך | שערפיען-אויגוסט | | נייער ס. אווגוסט | אלט. ס. אויגוסט |
|---|---|---|---|---|---|
| י' | זונטאג | | | 25 | 12 |
| י"א | מאנטאג | | | 26 | 13 |
| י"ב | דינסטאג | | | 27 | 14 |
| י"ג | מיטוואך | | | 28 | 15 |
| י"ד | דאנערס. | | | 29 | 16 |
| ט"ו | פרייטאג | | | 30 | 17 |
| ט"ז | שבת | פרשת כי תצא. | | 31 | 18 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| י | ה. ת"ב | פערברענט עקרה"ש פיעל אנוסים אין ליסאבאן. |
| יא | ה. קנ"ט | איבער א מלשינות זענען פיעל יודען אין פראג גענומען געווארען אין תפיסה. |
| יב | ה. ק"ב | געשטארבען אין טאלערא ר' שמעון בן הרא"ש. |
| יג | ה. ת"ז | געהרג'ט עקרה"ש יצחק דע קאסטרו אין ליסאבאן. |
| יד | ה. תל"א | האבען די פערטריבענע יודען פון אונגארן בעקומען ערלויבניש צום צוריקקעהרען. |
| „ | ה תצ"ו | פערברענט 4 מענער און 8 פרויען אנוסים אין ליסאבאן. |
| טו | ה. רמ"ז | פערברענט עקרה"ש 25 אנוסים אין ליסאבאן. |
| טז | „ „ | „ 2 אנוסים געוועזענע גלחים אין טאלערא. |
| „ | ה.תרט"ו | געשטארבען דער יודישער געלעהרטער יצחק שמואל רגיו (יש"ר) אין גערץ. |

## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאנדאן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין אמעריקא:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York


דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער: 1920 a Nachtrag VII.

# פערלאג „בילדונג"

גוט ארויס א סעריע פון 24 ביכער: נאטורוויסענשאפט־ליכע און בעלעטריסטישע.

**אבאנאמענטס־פרייז פיר אלע 24 ביכער 4 ר׳ מיט פארטא**

דער פרייז קען איינגעצאהלט ווערען אין 4 ראטעס: ביי׳ן אבאניר עי — 1 רובל, ביי׳ן פיערטען ביכעל — 1 רובעל, ביי׳ן 7־טען ביכעל רוב, ביי׳ן צעהנטען ביכעל — דעם לעצטען פיערטען רובעל.

ניט פיר אבאנענטען וועט קאסטען יעדעס איינצענע ביכעל פון 25 ביז 30 קאפ. אהן פארטא.

אגענטען און בוכהענדלער בעקומען ראבאט

עס איז פערטיג פון דרוק און ווערט צושיקט די אבאנענטען:

1) דער ווידע „צייט" אדער די ענטוויקלונג פון דער וועלט, פון דער ערד און פון אליץ וואס עס לעבט אויף דער ערד, נאך רובאקין.

עס דרוקען זיך און וועלען צושיקט ווערען די אבאנענטען, ווי עס וועט נור ארויס פון דרוק:

2) אברהם לינקאלן דער בעפרייער פון די שלקאווען. ביאגראפיע.

3) די פראנצויזען, זייער לעבען, זיטען, מנהגים א. ד. ג. נאך וואדאוואזאווא.

4) פיזישע געאגראפיע, נאך פראפעסאר נייקי.

5) א מעשה אהן איין ע״, פון שלום־עליכם.

6) פאליטישע עקאנאמיע, נאך באנדאנאוו.

7) יום־כפור, און דראבקין (ערצעהלונגען) פון ד. פינסקי.

8) דייטשען, זייער לעבען, זיטען מנהגים, א. ד. ג. נאך וואדאוואזאווא.

9) א. רייזען ליעדער.

עס פערפערטיגט זיך צום דרוק און וועט ערשיינען ענדע זומער, א ליטערארישער פראספעקט „דאס ווארט", וועלכער וועט זיין רייך אין פובליציסטישע, וויסענשאפטליכע, קריטישע און בעלעטריסטישע ארטיקלען. —

צום פראספעקט ווערען נאך אנגענומען אנאנסען.

אנמערקונג. די לעטע צייט וואקסט אלץ מעהר און מעהר די בעדערפנישען אין פאלקס־ביבליאטהעק, דאס עפענען אבער די זעלבע פארדערט געוויסע געניטקייט, וואס ניט יעדער גרינגער בעזיצט עס, — אליזא נעהמט זיך אונטער דער פערלאג „בילדונג", וועלכער שטרעבט צו פערשפרייטען וויסענשאפט צווישען פאלק, אנצווייזען אלערליי מיטלען און עצות, וואס נור אנבעטריפט צום גרינגרען א ביבליאטעק, אויך ארויסצושיקען אלע ביכער, וועלכע יעדע פאלקס־ביבליאטעק דארף האבען. אויף אנטווארט — א מארקע.

אדרעס:

Книгоиздательство „Билдунгъ", Бѣлостокъ.
Verlag „BILDUNG" Bialystok.

---

# האוצר

פתרון המלים שנמצאו במקרא ובמשנה וכו׳ ותרגומן לשפות רוסיא ואשכנז

מאת **ש. י. פין** (המנוח).

עם הערות (בסוף כל חלק) על השמות הנוגעים לחכמת הרפואה בכל ענפיה

מאת ד״ר **ל. קאצענעלסאהן**.

**יצאו לאור**

ונשלחו לכל החותמים




**ובזה כלתה החתימה לאלה אשר שלמו בעד עשרים חוברות 3 ר״כ.**

הספר יוצא לאור במחברות א 4 באגען

מחיר כל מחברת 22 ק״פ ועם פארטא 24 ק׳.

אולם **לחותמים** הוזל המחיר ע״פ התנאים

א) בתשלום למפרע עבור כל הספר — 8 רו״כ.
ב) „ „ „ 20 חיב׳ — 3 „
ג) „ „ „ 10 „ 1,80 „

כתבת המו״ל: Издат. „Ахiасафъ", Варшава.
Verlag „ACHIASAF" Warschau.

---

# ה ש ל ח

מכתב-עתי חדשי למדע, לספרות ולעניני החיים.

המו״ל: חברת „אחיאסף". העורך: **אשר גינצברג.**

## שנה רביעית

## יצאה לאור החוברת הששית

וזה תכן עניניה:

| | |
|---|---|
| א) התלמוד (סקירה כללית, המשך) | תלמודי |
| ב) הטוב והרע (המשך.) | הלל ציטלין. |
| ג) נתן החכם. | א. ז. ראבינאוויטש. |
| ד) מדרך אל דרך (ספור) | מ. י. ברדיצבסקי. |
| ה) מן המיצר (שיר). | מ. מ. הורוויץ. |
| ו) הפלוסופיה הדתית (בקורת. המשך). | ד״ר ד. ניימרק. |
| ז) מן המערב (ו) | ד״ר ש ב. |
| ח) ספרותינו (ג). | יוסף קלוזנר. |
| ט) מכתבים מרוסיא (ד). | אבא. |
| י) השקפה כללית. | עברי. |
| יא) ילקוט קטן (לט). | אחד העם. |

יב) ענינים שונים (מזמור שיר חנוכת הבית, אהרן קאמינקא. — החסידים וכת פראנק. דוד כהנא. — הערה, ישכר סאס).

יג) ידיעות ספרותיות.

מהיר החתימה לשנה: ברוסיה 6 רו״כ באוסטריה-הונגריה 16 קראנען באשכנז 13 מארק, בשאר ארצות 17 פראנק, בארץ-ישראל 15 פראנק.

לחצי שנה: חצי המחיר הנ״ל

לחותמים על „השלח", „הדור" ביחד יוזל המחיר בשני רו״כ, וישלמו לשנה 10 רו״כ, לחצי שנה 5 רו״כ, לרבע 2.50 רו״כ.

**החוברת הזאת היא האחרונה לכרך ז׳ ונזכיר בזה את החותמים לחצי שנה, כי בחוברת זו נשלמה חתימתם ועליהם לחדשה, אם יאבו לקבל את „השלח" גם מן 1 יולי והלאה.**

כתבת השלח:

Издательство „АХIАСАФЪ" Варшава.

---

יצא לאור ונשלה להחותמים

## „הדור" Nr. 32

וזה תכן עניניו:

| | |
|---|---|
| משפטים אדבר. | אליהו חיים רהלין. |
| בארצות המערב. ל. | ש. ב״ד. |
| במכתבי־העתים. | D. |
| השקפה על דברי המדינות. | |
| מאורעות ומעשים. | |
| שרל בודליר. | ד״ר ישראל גאלדמאנן. |
| במרוקו. ב. | אלדש הגלילי. |
| מכתבי אחד הצעירים. ג־ד. | הלל צייטלין. |
| עלים נובלים (ציור). | ניסן טורב. |

תנאי החתימה: באוסטריה־אונגריה: לשנה 14 קראנען לחצי שנה 7 קראנען, לרבע שנה 3,50 קראנען. ברוסיה: לשנה 6 רו״כ, לחצי שנה 3 רו״כ, לרבע שנה 1,50. באשכנז לשנה 12 מארק, באנגליה לשנה 12 שילינג. בשאר ארצות לשנה 17 פרנק. בארץ ישראל לשנה 15 פראנק.

להחותמים על „הדור" ו„השלח" ביחד, יוזל המחיר בשני ר״כ

והיה המחיר: לשנה 10 ר׳, להצי שנה 5 לרבע שנה 2,50.

Издательство „АХIАСАФЪ", Варшава.

III. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 34

דער פרייז נ״ר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרלין —.5 רוביל.
האלב-יאהרלין —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
רען 1טען אפריל — 2 „
רען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

קראקויא, אלול תרס״א. נומר 34. Krakau, 22 August 1901.

## דער ציוניזם.

### פון מאקס נארדוי.

III.

דער נייער אָדער דער פּאָליטישער ציוניזם האָט געהאַט פֿעריינ־צעלטע פֿאָרגעגנגער שוין אין מיטען פֿון דעם נייצעהנטען יאהרהונדערט. א דייטשער יוד, וואָס האָט ניט געהאַט אפילו דעם מוטה אונטערצו־שרייבען זיין נאָמען אויף דעם פֿאָרדערבלאַט פֿון זיין בוך, איז אַרויס־געטרעטען אין מיטען פֿון די 40־ער יאָהרען מיט דעם פלאַן אָבצו־קויפֿען און צו בעזעצען ארץ ישראל. איינינע שרייענדינע און בייזע קריטיקען אין די דאַמאָלדינע יודישע צייטונגען, וואָס זענען געשטאַנען אין גאַנצען אונטער דער פֿאָהן פֿון רעפֿאָרמען און אַסימילאַציע, זענען געווען דער איינציגער ענטפֿער אויף דעם פֿאָרשלאַג. מעהר האָט צו־געצוינגען צו זיך דאָס נביא־אישע בוך פֿון משה העס „רום און ירושלים“, וואָס איז ערשינען אין די 60־ער יאָהרען און וואָס איז צום ערשטען מאָל אַרויסגעטרעטען פֿאַר דעם יודישען נאַציאָנאַליזם אין יענער צייט, ווען אין דער לופֿטען האָבען זיך געטראָגען די אידעען פֿון פֿרייהייט און ברידערליכקייט. העס׳ בוך האָט אַרויסגערופֿען אַ גאַנצען שטורם פֿון כעס אין די דייטשע יודען, וואָס האָבען דאַן געשפּרונגען פֿון שמחה פֿון די אָקערשט געקראָגענע גלייכע רעכטע, — לכל הפחות די פֿון זיי, וואָס האָבען זיך די מיה גענעבען איבערצולייענען דאָס בוך. ווער אָבער פֿון די יודישע נביאים האָט ניט אַרויסגערופֿען געגען זיך די שנאה פֿון זיין פֿאָלק?

דורך די געשעהנישען איז מזרח־אייראָפּא אין אָנהויב פֿון די 80־ער יאָהרען זענען די יודען גראָב אויפֿגעוועקט געוואָרען פֿון זייער לאַנגען שלאָף און זענען געקומען צום בעוואוסטזיין. אַ רוסישער יוד, דאָקטאָר פינסקער האָט אויפֿגעשריבען דאַן אַ בראָשירע „זעלבסט־בעפֿרייאונג“, וועלכע איז געווען דאָס פֿאָרשפּיעל פֿאַר דעם איצטיגען ציוניזם און וועלכע האָט געבראַכט אַלע זיינע ערקלערונגען און בע־גרינדונגען, נאָר נאָך אָהן זייער גאַנצען צוזאַמענהאַנג. אין דער בראָ־שיורע זענען שוין געווען אויפֿגעשטעלט די עיקר געדאַנקען: די יודען זענען ניט נור אַ כתה, וואָס ווערט צוזאַמענגעהאַלטען דורך איהר אמונה, נאָר זיי זענען אַ פֿאָלק; זיי ווילען ווידער לעבען אין אַ אייגענעם לאַנד, ווי איין פֿעראייניגטעס פֿאָלק; זייער אויפֿלעבונג דאַרף צוגלייך זיין ווירטשאַפֿטליך, קערפּערליך, גייסטיג און זיטליך.

די יודישע יוגענד פֿון די רוסישע אוניווערזיטעטען און גימנאַ־זיעס איז געווען פֿול התלהבות פֿון פינסקערס געדאַנקען. מען האָט אָנ־געהויבען צו מאַכען יודיש־נאַציאָנאַלע פֿעריינען. איינינע סטודענטען, וואָס האָבען זיך געלערנט אין אויסלענדישע אוניווערזיטעטען, זענען געוואָרען אין זייערע נייע ערטער די פֿערברייטער פֿון פינסקערס אידעען און זיי האָבען געפֿונען דאָס מיטגעפֿיהל אין דער יודישער יוגענד, דער־הויפּט אין וויען. אַנדערע האָבען זיך אָנשטאַט דעם וואָרט גענומען צו דער אַרבייט, אָנשטאַט דער דרשה — צו זיין אַ מוסטער פֿאַר אַנ־דערע, און זיי האָבען אַוועקגעוואָרפֿען די שולען, אַוועקגעפֿאָהרען קיין ארץ־ישראל, צו ווערען דאָרטען פּויערים, יודישע ערדאַרבייטער אין דעם היסטאָרישען יודישען לאַנד. אונטער דעם איינפֿלוס פֿון דעם אידעאַליזם פֿון דער דאָזיגער בעגייסטערטער יוגענד, האָבען אויך רוהיגערע יודען ווי אין רוסלאַנד אַזוי אויך אין דייטשלאַנד אָנגעהויבען צו מאַכען חברות, כדי פֿון דערווייטענס צו שטיצען די קאָלאָניעס פֿון די ערשטע יודישע ערד־אַרבייטער אין ארץ־ישראל. אָבער מען האָט געאַרבעט אָהן אַ פֿעסטען פּלאַן און אָהן אַ קלאָרען חשבון איבער די ציעלען און מיטלען. די חברות האָבען אַליין ניט געוואוסט, אַז זיי פֿיהלען און אַרבייטען אין ציוניסטישען גייסט. זיי האָבען ניט געזעהן דעם צוזאַמענהאַנג צווישען דער יודישער קאָלאָניזאַציאָן אין ארץ ישראל און צווישען דער צוקונפֿט פֿון דעם גאַנצען יודישען פֿאָלק. עס איז געווען ביי זיי אַ אונבעוואוסטעס ער־וואַכען, אין וועלכען עס זענען געלעגען אַלערליי פֿערבאָרגענע געפֿיהלען— פֿרומקייט, אַ ריהרענדיגער התלהבות פֿאַר די אַלטע אויסגעגראָבענע פֿער־גאַנגענהייט, רחמנות און יחוס־שטאָלץ. מיט איין וואָרט, אַלע זענען גע־ווען צונגעגרייט, אין דער לופֿט האָט זיך געפֿיהלט די שטימונג, דאָס יודענטהום איז געוואָרען צייטיג און מסוגל צו אַ נייער בעוועגונג.

ווי אין גלייכע היסטאָרישע פֿעלען אַזוי איז אויך איצט געקומען דער מענש, וועלכען איז בעשערט געוואָרען קלאָר אויפֿצונעהמען דעם געדאַנק, וואָס איז געווען ניט קלאָר און ווי אַריבערגעצויגען מיט אַ טומאַן ביי פֿיעלען, און הויך אַרויסצוזאָגען דאָס וואָרט, אויף וועלכעס מען האָט געוואַרט. דער מענש איז געווען דר. טהעאָדאָר הערצל. אין הערבסט 1836 האָט ער אַרויסגעגעבען אַ קליין ביכיל „די יודישע מלוכה“, וועלכעס האָט צום ערשטען מאָל קלאָר אַרויסגעזאָגט, דאָס די יודען זענען אַ פֿאָלק, דאָס זיי פֿאָדערען פֿאַר זיך אַלע רעכטע פֿון אַ פֿאָלק און דאָס זיי ווילען בע־

זעצען א לאנד, אין וועלכען זיי וואלטען געקאנט פיהרען א פרייעס און פולעס לעבען פון א זעלבסטשטענדיגען פאלק.

"די יודישע מלוכה" איז געווארען דער אנהויב, פון וואנען עס איז ארוים דער פאליטישער ציוניזם. זיין אנהויב' אבער ניט זיין פראגראם. הערצלס בוך איז די ארבייט פון א איינצעלנעם מע.שען, וועלכער רעדט נור אין זיין אייגענעם נאמען. פיעל איינצעלהייטען פון דעם בוך האבען נור א ליטערארישען ווערט. עס איז ניט גרינג אומעטום אין בוך אבצוטהיילען די מיושב׳דיגע געדאנקען פון א פאליטיקער פון די פאנטאזיעס און חלומות פון א דיכטער, וואס לאזט זיך אריין אין נביאות. דאס איינענטליכע פראגראם האט געדארפט זיין די ארבייט פון א גרויסען כלל, און די דאזיגע ארבייט, האטש זי איז אויפגעבויט אויף הערצלס בוך און בעלעבט פון זיין גייסט, האט דאך ארויסגעווארפען אלע פאנטאסטישע איינצעלהייטען און איז געשטעלט נור אויף די יסודות פוןווירקליכען לעבען.

הערצלס בוך איז גלייך אומעטום בעגריסט געווארען ווי א בעפרייאונגסארבייט פון צעהנדליגער טויזענדער מענשען און דערהויפט פון דער יוגענד. עס האט ניט געדארפט בלייבען בלויז א געדרוקטעס פאפיר נאר עס האט געדארפט אומגעמאכט ווערען צו א פראקטישען בנין! אומעטום זענען ענטשטאנען נייע פעריינען, וועלכע האבען זיך געשטעלט פאר זייער ציעל ניט די פאמעליכדיגע, בעשיידענע קאלאניזירונג פון יודען וואס ווילען זיך אריינגנב׳נען אין ארץ־ישראל, נאר זייער צוועק איז נעווען גרייט צו מאכען דאס פאלק צו א גרויסער קאלאניזאציאן אין ארץ ישראל דורך א קאנטראקט מיט דער טערקישער רעגירונג, וואס זאל זיין גאראנטירט פון די גרויסע אייראפעאישע מלוכות און וואס זאל געבען די קאלאניסטען איין אייגענע פערוואלטונג.

דער פאליטישער ציוניזם געהט ארוים פון דעם געדאנק, אז די יודען זענען א פאלק. דאס נעמליך לייקענען אב די יודען — אסימילאנטען. הערצל איז געקומען צום געדאנק, אז פ״יהער פון אלץ דארף מען ארויסטרעטען אפען פאר דער גאנצער וועלט צו ווייזען אזוי איהר אזוי דעם גאנצען יודישען פאלק, אז די יודען לעבען ווי א נאציאן. צוליעב דעם האט ער צוזאמענגע־רופען דעם ערשטען ציוניסטען־קאנגרעס, וועלכער איז צוזאמענגעקומען, ניט קוקענדיג אויף די שטערונגען פון די פיינד, אין באזעל ענדע אוגוסט 1897 אין דער צאהל פון 204 דעלעגאטען, וואס זענען אויסנעקליבען געווארען פון די ציוניסטיש געזינטע יודען פון דער גאנצער וועלט.

אפען פאר דער גאנצער וועלט האט דער ציוניסטישער קאנגרעס ערקלערט, אז די יודען זענען א פאלק און דאס זיי ווילען ניט זיך צושמעלצען צווישען אנדערע פעלקער. ער האט גענעבען די היילינע הבטחה צו ארבייטען פאר די יודישע מאסע, וואס לעבט אהן רעכט, אונטערדריקט פון ארימקייט און עלענד. זיין וואונש האט דער קאנגרעס אויסגעדריקט אין זיין פראגראם, וואס איז אנגענומען געווארען איינשטימיג און מיט גרויסער התלהבות פון דער גאנצער פערזאמלונג. דאס פראגראם:

דער צוועק פון דעם ציוניזם איז צו שאפען פאר דאס יודישע פאלק א היים אין ארץ ישראל, וואס זאל זיין געזיכערט דורך דאס עפענטליכע רעכט. צו דערגרייכען דעם דאזיגען צוועק שטעלט אויף דער קאנגרעס פאלגענדע מיטלען:

---

# פעלעטאן.

## אין בויבעריק.

### אויף א דאטשע.

(בילדער, טיפען, בעגעגענישען, צרות און פערגעניגען).

פון

**שלום־עליכם.**

יא.

[ראזניך גאלאנטערייניך טאווארוו*). — א קאלטע באד. — דעם רעסטאפאלירס ווייביל׳ס מאן מאכט א פשרה].

— ראזניך גאלאנטערייניך טאווארוו! — הער איך עמיצער שרייט מיר גלייך אין אויהער אריין — מי — לא ווערעוויאלעט! וייף נוטע! אפשר דארפט איהר גוטע זייף?

— זייף? וואסער זייף? — רוף איך מיך אן דערשראקען, ועק מיך אויף אויפ׳ן געלעגער און רייב דורך די אויגען און דערזעה פאר זיך א שווארץ הינטיש פניםל מיט א פערריסען נעזיל.

— וואסערע איהר ווילט — מאכט צו מיר דאס שווארצע פנים׳ל — ווערע וויאלעט, בראקאר, פאולס, אדער גאר — פאטשולי? גוטע שמעקענדיגע? קלויבט אייך אוים, קויפט, וואלוועל!

— ווער איז דא? וואס איז דא? גוואלד! גוואלד! גוואלד! — חאפט זיך אויף מיין ווייב מיט א געשריי און דערזעהט דאס שווארצע פנים׳ל אין פענסטער, פאלט זי חלשות.

גאט איז מיט מיר! זאג איך צו איהר און מינטער זי — ס׳איז גאר ניט, ס׳איז נאר ניט! ס׳איז א גאלאנטערייטשיק!

— מאדאם! — רופט זיך אן דער גאלאנטערייטשיק צו מיין ווייב מיט א געלעכטעריל — וואס האט איהר זיך אזוי דערשראקען פאר מיר? איך בין דען מיט הערנער?

— ווי אזוי קרוכט דאס א יוד — זאג איך צו איהם — אין א פרעמדען פענסטער בשעת יענער שלאפט?

— אז מע זיצט אויף א דאטשע — מאכט ער — בעדארף מען אויפשטעהען פריה.

— אפשר — זאג איך — זענען מיר ניט געשלאפען א גאנצע נאכט?

— וואס דען האט איהר געטהון?

— ס׳איז ניט אייער טאטענס עסק! — זאג איך — געהט אייך געזונדערהייד!

— אז איך וועל דארפען געהן — מאכט ער — וועל איך מיך ביי אייך ניט אנפרעגען. גאנצע פריצים! קומען צופאהרען קיין בויבעריק, צולייגען זיך ווי ביי׳ם טאטען אין וויינגארטען! ניט גענוג וואס מע ברייננט זיי צוטראגען אין שטוב אריין אלדעם בייז זענען זיי נאך ניט צופריעדען!

— איהר זענט — זאג איך — א גרויסער נאחאל!

— נאחאל? — מאכט ער מיט א שמייכעלי — וואס הייסט דאס נאחאל? וואס איז דער טייטש נאחאל? איך זעה איהר זענט א בייזער יוד. מאדאם ניט עפים צו לייזען! קויפט אייך, מאדאם א שפילקע איין אנטיק מע טראגט היינט פון אונטען.....

איך קאן שוין מעהר ניט איבערטראגען, איך חאפ דעם קרוג מיט וואסער און גיס איהם אוים אויפ׳ן קאפ; מאכט ער א גוואלד, א געשריי, לויפען זיך צונויף אלע שכנים מיט אלע שכנות מיט אלע דינסטען און עס ווערט א יריד מיט א נעפולדער. דער עולם גיט מיר אנצוהערעניש, אז ניט אזוי בעדארף מען זיך בעגעהן מיט א יודען איין ארעמאן.

— ממה נפשך — זאגען זיי — איהר ווילט ניט קויפען, קויפט ניט; אבער נעמען בעליידיגען איין ארימען גאלאנטערייטשיק אומזיסט —

*) כל מיני גאלאנטעריי סחורה.

1. די צוועקמעסיגע ארבייט צו בעזעצען אין ארץ ישראל ערד־ארבייטער, האַנדווערקער און פאַבריקאַרבייטער.

2. די פעראייניגונג פון אלע יודען דורך פערשידענע אָרגאַניזאַציאָנען (פערבינדונגען) לויט די געזעצען פון לאַנד.

3. דאָס פערשטאַרקען אין די יודען דאָס זעלבסט־געפיהל און דאָס פאָלקסבעוואוסטזיין.

4. די אַרבייט, כדי צו דערגרייכען ביי די רעגירונגען זייער הסכם, וואָס איז נייטהיג פאר די דורכפיהרונג פון די ציוניסטישע צוועקען.

(ענדע קומט).

---

# פאליטישע איבערזיכט.

קריספים טויט.— זיין לעבען.— איטאַליענס פעראייניגונג.— דער סכסוך צווישען טערקיי און פראַנקרייך.— די מלחמה אין אפריקא.

קריספי, איינער פון די עלטעסטע און גרעסטע איטאַליענישע פאָליטיקער, איז, נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט, איצט געשטאָרבען אין נעאַפאָל, 82 יאָהר אַלט. מיט איהם געהט אריין אין קבר אַ שטיק אַלטע פערגאַנגענהייט פון דער איטאַליענישער געשיכטע, דען פון זיינע יונגע יאָהרען אָן האָט ער טהייל גענומען אין פאָליטישען לעבען פון זיין פאָלק. פריהער ווי אַ געפעהרליכער און גערודפ'טער רעוואָלוציאָנער און שפּעטער ווי דער פרעזידענט פון רעם איטאַליענישען מיניסטעריום. קריספי האָט געהאַט אַ פעסטען כאַראַקטער און אַ שטאַרקען ווילען, וועלכע האָבען איהם געטריבען צו קלאָר אויפגעשטעלטע ציעלען, וואָס זענען תמיד געשטאַנען פאַר איהם פעסט און אונפערענדערליך. דער צוועק איז פאַר איהם תמיד געבליבען פעסט און ריין, אָבער ניט די מיטלען. ער האָט געהערט צו דערזעלבער שול ווי ביסמאַרק, וועלכער האָט פיינד געהאַט פיעל איבערצוקלויבען אין די מיטלען און וועגען.

ויין יונגנד געהערט אין יענע יאָהרען, ווען איטאַליען איז געווען צוריסען אויף פיעל איינצעלנע מלוכות. דער צפון פון לאַנד האָט גע־הערט עסטרייך, אין מיטען זענען געלעגען די מדינות פון רעם פאַבסט, וועלכער האָט צוריק איינגעפיהרט די אַלטע אינקוויזיציע, און ארום זענען געלעגען קליינע זעלבסטשטענדיגע מדינות, טאָסקאַן, מאַרענא, פּאַרם, דאָס קעניגרייך נעאַפאַל און דאָס סאַרדינישע קעניגרייך. די פרייע און געבילדעטע יוגענד האָט געחלומט וועגען דער פעראייניגונג פון אַלע איטאַליענישע מלוכות אין איין לאַנד, אָבער געגען די פעריי־ניגונג איז געווען דאָס שטאַרקע עסטרייך, וואָס האָט געהערשט איבער אַ גרויסען טהייל פון איטאַליען, וועלכען זי האָט מיט גוטען ניט גע־קענט ארויסגעבען; געגען די פעראייניגונג זענען געווען די הערשער פון די קליינע כלומרשט זעלבסטשטענדיגע איטאַליענישע מלוכות, וועלכע האָבען זיך ניט געקאָנט אָבזאָגען פון זייערע טראָנען און וועלכע זע־נען געווען אויך צו שוואַך צו פיהרען אַ מלחמה מיט עסטרייך; גע־גען די פעראייניגונג איז געווען דער פאַבסט, וואָס האָט ניט געוואָלט ארויסלאָזען די הערשאַפט פון זיינע הענד; געגען די פעראייניגונג זע־נען ענדליך אויך געווען די גרויסע אייראָפּעאישע מלוכות, וועלכע האָבען מיט זייער היל אויפגעהאַלטען די אַלטע אָרדנונג אין איטאַליען.

די אַנהענגער פון דער איטאַליענישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג האָבען אָבער ניט געקוקט אויף די גרויסע מכשולים און זיך געסטאַ־רעט צו וועקען אומעטום דעם געדאַנקען פון נאַציאָנאַלער פרייהייט און נאַציאָנאַלער פעראייניגונג, און אַזוי ווי זיי זענען אַרויסגעטרעטען

---

אומנישט, אָבגיסען איהם מיט אַ פאָמעניצע — פע, דאָס טהוט ניט קיין ליישישער מענש.....

דערהערט אַזעלכע דבורים רופט זיך אָן דער גאַלאַנטעריישטשיק, אַז ער געהט גלייך צום אוראַדניק און געגנוג; לאָז דער אוראַדניק טהון וואָס ער וויל זיך...

מישט זיך אריין דעם רעסטאָפּעלירס ווייבילם מאַן און מאַכט צווישען אונז אַ פּשרה, אַז איך זאָל ביי'ם גאַלאַנטעריישטשיק בעטען מחלה און טאַקי עפּיס קויפען אויך ביי איהם, געבען צולייזען.

— ס'איז אַ יושר — זאָגט דעם רעסטאָפּעליר ווייבילס מאַן — ס'איז אַ גרויסער יושר! געבען צו לייזען אַ יודען, הערט איהר איז אַ סך מעהר מצוה ווי עסען אָהן אַ היטיל...

— אַ יושר! אַ יושר! העלפט אונטער דער גאַנצער עולם.

— טאָמיר וועסט דו זיך דערוועגען — זאָגט צו מיר מיין ווייב — עפּיס קויפען ביי דעם יודען אויף צוויי גראָשען, וועט זיך טהון חשך!

נו, זאָגט שוין איהר, וועמען זאָל איך פאָלגען?......

יב.

[דער בויבעריקער וואַלד אין דער פריה. — יודען און ווייבער פון דער „סענאַטאָריע". — מע לאָזט נישט שפייזען און מע געהט אויס נאָך אביסיל באָרשטש. —]

דער בויבעריקער וואַלד אין דער פריה ווען די וועלט שלאָפט נאָך, איז באמת אַ פערגנוגען. ער זעהט אויס ווי אַ חתן, אַ שיינער, אַ ריינער, איין אויסגעצוואָגענער און איין אויסגעפוצטער. מע זעהט נישט די ברואים מיט די נפשות, וואָס דרעהען זיך דאָ אַרום דעם גאַנצען טאָג. מע הערט נור אַ פישטשען און פייפען פון טויזענדער קליינע בעשעפעניסליך, וואָס זינגען, זשומען און טרעלייקען, שפרינגען פון איין צווייגיל אויפ'ן אַנדערען, פליהען פון איין בוים אויפ'ן אַנדערען, טיקען זיך און באָדען זיך אין די טראָפּענס טוי, וואָס הייגען נאָך אויף די בלעטער און בלישטשען אויף דער ליכטיגער וואַרעמער זון ווי ברילאַנטען. פלוצים ווערט אַ געשריי צווישען אַ גאַנצע טעטשקע פייגעליך, אַ געשלעגעריי מיט אַ קוויטשעריי — סכּנות נפשות! וואָס איז די מעשה? מע האָט זיך צואָמפערט איבער אַ ווערעמיל. איין פייגעלי האָט געפונען אַ ווערעמיל און האָט זיך פערקליבען אין דער זייט אויף אַ צווייגעלי, געדרעהט דאָס קעפּעלי אויף אַלע זייטען, זיך געוואָלט מאַכען איין אָנבייסען, האָט דערזעהען דאָס אַנדערע פייגעלי און איז צוגעשפרונגען:

— ציף־ציף — וואו האָסט דו דערטאַפּט אַזוי פריה אַ ווערעמיל?

— ציף־ציף — וואו איך האָב דערטאַפּט אבי איך האָב שוין דערטאַפּט.

— ציף־ציף־ציף — געב מיר אויך אַ פיצעלי!

— ציף־ציף־ציף — נעה, זוך, נישטער, געפין, חאַפּ, וועסט דו האָבען!...

— ציף־ציף־ציף־ציף, קומט אהער וועט איהר עפּיס זעהען! — צושרייט זיך דאָס אַנדערע פייגעלי צו די איבעריגע פייגעליך און ציהט אויס דאָס קעפּעלי.

— ציף־ציף־ציף וואָס טהוט זיך דאָ? פרעגען די איבעריגע פיי־געליך וואָס פליהען זיך צונויף אויף דעם געשריי.

— ציף־ציף־ציף — אַ ווערעמיל! — שרייט דאָס אַנדערע פייגעלי.

— ציף־ציף־ציף! — ציף־ציף־ציף! אַ ווערעמיל! אַ ווערעמיל! שרייען אַלע מיט אַמאָל.

און עטליכע מיט אַמאָל בעפאַלען דאָס פייגעלי וואָס מיט'ן ווערעמיל, און אַנדערע שטעלען זיך איין פאַר'ן פייגעלי וואָס מיט'ן ווערעמיל, און דאָס פייגעלי לאָזט אַרויס דאָס ווערעמיל, פליהט אונטער אַ ווילד פרעמד פייגעלי און חאַפּט דאָס אונטער און פליהט אַוועק, און דאָס אָרימע פייגעלי בלייבט נעבאַך שטעהן בעטריבט, לאָזט אַראָב די פליגעליך. בלאָזט זיך אָן, ציטערט און פלאַטערט. קע־קע־קע! שאַרפט זיך אויס דאָס פיסקעלי ביי אַ צווייגעלי הין און צוריק עטליכע מאָל, הויבט אויף די פליגעליך און — פררררר! — לאָזט זיך זוכען איין אַנדער מין שפייז, אבי איבערחאַפּען עפּיס אויפ'ן ניכטערען האַרצען.

נעגען די רעגירונגען, האט מען זיי אומעטום גערודפ׳ט ווי געפעהרליכע און שעדליכע מענשען. פיעל פון זיי האבען געענדיגט מיט דעם טויט אויף דעם עשאפאט, אבער דאס האט זיי אלץ ניט אבגעשראקען. קריספי האט אין דעם 48־סטען יאהר טהייל גענומען אין דעם בונט אין פאלערמא. און אז דער בונט האט זיך ניט איינגעגעבען, האט ער דערנאך געמוזט אנטלויפען קיין ענגלאנד. אין 59־סטען יאהר איז שוין קריספי וויעדער אין איטאליען און נעמט טהייל אין דעם בונט אויף דער אינזעל סיציליען.

די נאציאנאלע בעוועגונג איז אין איטאליען געווארען אלץ שטארקער און נאך פיעל בונטען נעגען די אייגענע רעגירונגען, געגען דעם פאבסט און נאך בלוטיגע מלחמות מיט עסטרייך איז איטאליען אין דעם 60-סטען יאהר פריי געווארען פון דער עסטרייכישער הערשאפט און געווארען א פערייניגטעס איטאליענישעס קעניגטהום.

דאס פרייע איטאליען האט נאך געהאט צו פיהרען א שווערע מלחמה מיט דער הערשאפט פון דעם פאבסט און די גלחים, און אין דער מלחמה האט קריספי ווידער געשפיעלט שוין אלס פאליטיקער און אלס חבר פון פארלאמענט א וויכטיגע ראלע. אין 1877־סטען יאהר איז קריספי געווארען מיניסטער, אין 87־סטען יאהר איז ער געווארען פרעזידענט אין מיניסטעריום, וועלכעס ער האט געפיהרט ביז צום יאהר 96. אין דעם פערייניגטען איטאליען האט קריספי זיך בעמיהט אבצוהיטען די זעלבסטשטענדיגקייט פון לאנד געגען די פרעטענזיעס און פאדערונגען פון פאבסט, דעם טראן האט ער געשטיצט אין זיין שטרייטען געגען די רעפובליקאנער און סאציאליסטען. ער האט זיך בעמיהט אוועקצושטעלען איטאליען גלייך מיט די גרויסע אייראפעאישע מלוכות, און דאס האט איהם געבראכט צו א קאלאניאל־פאליטיק אין אפריקא, צו א בונד מיט דייטשלאנד און עסטרייך און צו דער נייטהיגקייט אויפצוהאלטען א גרויסען חיל, וועלכער האט אויסגעשעפט די פינאנצען פון לאנד.

אין קריספים ארבייט פאר זיין פאלק געפינען מיר צוזאמען מיט די ליכטיגע זייטען אויך פיעל שאטען, אבער קיינער וועט ניט קענען אבלייקענען, אז דאס איז געווען א מענש מיט קראפט און מיט שכל, וועלכער האט זיין גאנץ לעבען מקריב געווען פאר זיין פאלק, כדי עס צו מאכען פרייער, גרעסער און גליקליכער.

טערקיי האט ניט קיין גליק אין איהר פאליטיק. ווי זי מאכט נור איין אייגענעם טריט, פאלען אויף איהר אן די קריסטליכע רעגירונגען, וועלכע שרעקען איהר אזוי איין, אז זי פאלט גלייך אנידער. דאס האבען מיר ניט לאנג געזעהן אין דעם סכסוך איבער די פאסטען און איצט זעהען מיר דאס אין איהר נייעם סכסוך מיט פראנקרייך. א פראנצויזישע געזעלשאפט האט מיט א צייט צוריק געקראגען אין קאנסטאנטינאפעל די ערלויבניש צו בויען דעם פארט און די טראטוארען ביים ים. פאר דאס אויסגעגעבענע געלד האט די געזעלשאפט געקראגען דאס רעכט צו האלטען אייגענע שפייכלערס ביים פארט. די הכנסה פון די שפייכלערס געהערט נאטירליך דער געזעלשאפט. אזוי אבער ווי די געזעלשאפט פערדינט א סך געלד, אין וועלכען עס נייטהיגט זיך אזוי שטארק די רעגירונג, און אזוי ווי די רעגירונג האלט אויך פאר פאליטיש ניט גוט, אז איהר פארט זאל זיין אין די הענד פון אויסלענדער, האט די רעגירונג דערום געוואלט נייטהען די געזעלשאפט איהר אבצוטרעטען צוריק די געגעבענע רעכטע. דער פראנצויזישער געזאנדטער

---

אויך פון הינטען, אויף דער ערד איז ניט שטיל; עס שפרינגען, לויפען, קריכען און פויזשען ארום טויזענדערליי מינים בעשעפענישען, פלינעליך, זשוקליך, ווערעמליך, שליינגליך און יאשטשערקעליך פון אלערליי פארבען, שפינען און מערעשקים אלפי־אלפים; דער טראגט א טוידטע פליג צו זיך אין נעסט אריין די קליינע קינדער אויף אנבייסען; דער — א גרעזעלי, דער א שטיקיל סכך אויף דער סוכה, און דער שלעפט א גאנצע שטרוי צעהן מאל אזוי די גרויס ווי ער אליין — אלע זענען ארויסגעגאנגען אויף דער ארבייט זיך בעווארענען מיט וואס איבערצוקומען דעם טאג. און אויך די לופט איז פול מיט קאמארעס, גרויסע עזות־פנימ׳ער, וואס שפרינגען אין פנים אריין, און אלערליי פארבינע פארחעס און פערחליך, וואס לעבען פונ׳ם ווינט, דרעהען זיך ארום אהין און אהער, טהוען גאר ניט, נאר זיי זשומען און ברומען, טאנצען ארום. אויף פרעמדע חתונות, רוימען איין א סוד אין אויער און טהוען א ביס פון הינטען, זייגען אויס א ביסיל בלוט און פליהען ווייטער... אלסדינג לעבט אין דער נאטור. אלסדינג איז בעשעפטיגט, פערטראגען, פערטארעראמט מיט זיך, מיט זיין אייגענעם מאגען...

נאר שפעטער שפעטער הויבען אן ביסליכווייז בעווייזען זיך אין וואלד אויך מענשען, ווידער דיזעלביגע ברואים, ווידער די אייגענע יודען מיט די אייגענע פלעשליך מיט די אייגענע הייגענדיגע קברים (האמאקען) וואס אלע מאל.

— איהר זיצט דא אין בויבעריק אויף א דאטשע? — טהו איך א פרעג אויף א ציקאוויעסטע א גאנצע קאמפאניע ארימע, קראנקע, יארישליווע יודען מיט ארימע, קראנקע, אויסגעטרוקענטע ווייבער, וואס האלטען זיך צו ביי א בוים און הוסטען.

— א משל! — ענטפערען מיר עטליכע מיט אמאל — ווי קומט צו אונז א דאטשע? מיר זענען ארימע בעלי מלאכות פון יעהופעץ.

— וואס זשע טהוט איהר היע, אין בויבעריק? — פרעג איך זיי.

— אז אך און וועה איז אונז! — זאגען זיי — מיר האלטען זיך אויף דא אין דעם היגען בקור חולים. וואס מע רופט דאס „סאנאטאריע“.

— אומזיסט? — פרעג איך.

— וואס זשע, פאר געצאהלט?

— ווער זשע גיט דערויף געלד?

— ווער זאל געבען? — זאגען זיי — קראנק זענען די יעהופעצער נגידים געבען געלד? זיי האבען קארג? גאט זאל העלפען זיי זאלען אריבער אויף אונזער שטאנד, וואלטען מיר זיי בעסער אויסגעהאלטען, ווי זיי אונז.

— וואס איז דען? — פרעג איך — ס׳איז אייך דא נישט גוט?

— א מאדנער יוד איהר זענט! מאכען זיי צו מיר — וואס זשע, ס׳איז אונז גוט?

— דהיינו וואס פעהלט אייך?

— ס׳זאל אונז צוקומען וואס אונז פעהלט! ערשטענס האט מען אונז אבגעריסען פון דער היים, פון ווייב און קינדער, און בעזעצט אט דא אויף א דאטשע, און מע האדעוועט אונז ווי די גענז, מע שטופט אונז מיט רפואות און מיט מילך און מיט „קאפיר“ וואס דער טאטער מאכט פון אונזערטוועגען, און מע הייסט אונז ליגען א גאנצען טאג אין וואלד אויף דער „לופט“, און נישט טראגען קיין שום דאגות אויפ׳ן קאפ. ס׳איז גרינג צו זאגען!

— אט דאס איז גאר? — זאג איך.

— און דאס שפייען? — רופט זיך אן צו מיר א יוד מיט שווארצע ברילען און פערהוסט זיך — און דאס שפייען איז ביי אייך גאר ניט?

— וואסער שפייען? — פרעג איך איהם.

— דאס שפייען — מאכט ער — וואס מע טאר נישט שפייען! א יוד הוסט און וויל א שפיי טהון לאזט מען איהם נישט! דער דאקטאר האט איינגעפיהרט אזעלכע שיסעליך, און איטליכער קראנקער מוז זיך ארומטראגען מיט זיין שיסעל, און אהין זאל ער שפייען. נו, טהוט דאס א קלאהרער?...

— היינט די ליילעכער מיט׳ן בעטגעוואנד מיט׳ן גרעט — רופט זיך אן א קראנקע יודינע מיט טוידטע ליפען — האט דער דאקטאר אנגעזאגט מע זאל בייטען אלע מינוט. האט איהר געהערט א משוגעת? איך

אין קאנסטאנטינאפעל, קאנסטאן האט פראטעסטירט נעגען די טערקישע רעגירונג אזוי שארף, אז טערקיי וועט ווידער מוזען נאכגעבען. פראנ־צויזישע קריגסשיפען גרייטען זיך צו געהן קיין קאנסטאנטינאפעל אנ־צושרעקען די טערקען, און עס פערשטעהט זיך, אז אזא מיטעל וועט געוויס העלפען, און די טערקישע רעגירונג וועט נאכגעבען נאך איידער די שיפען וועלען קומען.

די ענגלענדער זעהן, אז די מלחמה מיט טראנסוואל איז עפּיס א מעשה אהן א סוף, הויבען זיי דערום אן צו זוכען דיפּלאמאטישע מיטלען, אין וועלכע זיי האבען שטענדיג נעפונען גליק. איינס פון די מיטלען איז נעוועזן א צירקולאר צו די אייראפּעאישע מלוכות, אין וועלכען די ענגלישע רעגירונג פערלאנגט, מען זאל מסכים זיין מיט איהר, אז טראנסוואל און אראניען זענען שוין ניט מעהר זעלבסט־שטענדיגע מלוכות, וואס פיהרען א מלחמה, נאר מדינות, וואס בונטעווען זיך נעגען איהר. די אייראפּעאישע מלוכות האבען אבער זייער הסכמה דערצו ניט געגעבען. לארד קיטשענער האט איצט ארויסגעגעבען א פראקלאמאציע אין אפריקא, אין וועלכער ער איז מודיע, אז אלע מיט־גליעדער פון דער בויערשער רעגירונג, אלע פיהרער און אלע אפיצירען פון בויערשען חיל וועלען אויף תמיד ארויסגעטריבען ווערען פון דרום־אפריקא, ווען זיי וועלען זיך ניט אונטערגעבען ביז צו א בעשטימטען טערמין. די ענגלישע צייטונגען פערזאגען זיך זעהר פיעל פון דער דאָ־זיגער פראקלאמאציע, די אנדערע צייטונגען אבער מיינען, אז דאס וועט נור צוגעבען מעהר מוטה די בויערשע פיהרער.

י. ל.

# די געשיכטע פון דער יודישע בעפרייאונג אין פראנקרייך.

(ענדע).

דערמיט איז געלעגט געווארען דער גרונדשטיין פון דער רעליגיאנספרייהייט אין פראנקרייך, און איין פונקט פון די 4 יודישע פאָדערונגען איז דורך דעם דורכגעפיהרט געווארען. אבער אז מען האט געוואלט דערנאך ארומרעדען די איבעריגע 3 פונקטען פון דער יודענ־פראגע, האט מען די זאך שטענדיג אויפגעשאבען און דערנאך האט מען זי איבערגעגעבען אין א בעזונדער קאמיסיאן. די צייט איז אויך ניט געווען אזוי גינסטיג, ווייל דאס גאנצע פאלק איז געוועזען אויפגערעגט איבער די נייע פאליטישע בעווענונגען. דריי וואכען שפּעטער האט מען נעמוזט ווידער רעדען פון דער יודענפראגע, ווייל אין פיעל ערטער האט מען ווידער רודף געווען יודען. די זאך איז דורך דעם פערשארפט געווארען און אם 28־טען סעפּטעמבער האט גרעגאאר און נאך איינינע פריינד פון די יודען געמאהנט אין פארלאמענט, מען זאל מאכען א סוף פון די יודישע צרות. די פערזאמלונג האט בעשלאסען, מען זאל שיקען איין צירקולאר אין אלע שטעדט, אז די יודען האבען אויך מענשענרעכטע ווי די אנדערע און אז מען טאר זיי קיין בייז ניט טהון. אויך האט מען געבעטען דעם קעניג, ער זאל שטיצען די יודען. דאס איז אבער געווען א שוואכע רפואה, און די יודען פון עלזאס זענען ווייטער געווארען גערייניגט פון די אנטיסעמיטען און זענען געווען יעדען טאג אין א סכנה.

די יודישע פערטרעטער פון עלזאס און פון לאטהרינגען האבען געזעהן, אז די זאך ציהט זיך אהן אנ׳עק, האבען זיי פערלארען די

---

פרעג א קשיא: וואס געהער זיך אן א שטיינער א ווייסער לייליך מיט מיין הוסטען וואס איך הוסט? אז איך וועל בייטען צעהן מאל אין טאג דאס העמד, וועל איך אויפהערען הוסטען?

— הייגט דאס עסען וואס מע גיט אונז! — רופט זיך אן א יודיל מיט ברענענדיגע אויגען.

— מע גיט אייך נישט קיין עסען? — פרעג איך איהם.

— וואס האט איהר געוואלט? מע זאל אונז שוין גאר נישט געבען קיין עסען? — מאכט צו מיר דאס יודיל מיט די ברענענדיגע אויגען— עסען גיט מען, נאר אלץ הייסט ביי אייך עסען? מיר נעפינען זיך דא אינ׳ם הינען בקור־חולים שוין ברוך־השם אזוי גרויס ווי דריי וואכען און מיר געהען אוים פאר אביסיל בארשטש! דריי וואכען כסדר האדעוועט מען אונז מיט יכליך, מיט היהנדליך געבראטענע, מיט מילך און מיט לויזע אייער. אלע טאג ווידער אמאל א היהנדיל און ווידער אמאל א ייכיל! און אבער אמאל מילך און אבער אמאל לויזע אייער! קרעפּליך עסען, זאגט מען, קאן אייך נמאס ווערען! מיר בעטען מע זאל אונז אבקאכען אמאל א ראסעל־פליישיל מיט קנאבעל, מאכען א ציבעלקע מיט שמאלץ, א שטיקיל רעטיך פאר א נאווינע, געבען אמאל אביסיל בארשטש צו דערקוויקען די נשמה — זאגען זיי דער דאקטאר הייסט נים! איהר זענט ניט קראנק, זאגען זיי, עסען „קאקליעטען" גוטע, א „בעשטעק" א פרישע, א געבראטען היהנדיל, א באוליאן מיט פענעצליך און פערטרונקען מיט מילך אדער מיט „קאפיר" וואס דער מאטער מאכט! „וואס טוינגען אונז די דאזיגע מאכלים? טענה׳ן מיר. איהר גיט אונז דאס וואס מיר האבען ליעב! ממה־נפשך, האט איהר זיך אונטערגענומען אונז אויסהאלטען מיט א דירה און מיט דינסטען און מיט רפואות און מיט אלרעסדינג, בעדארפט איהר אונז פרעגען, וואס מיר האבען ליעב, ניט דאס וואס דער קלוגער דאקטאר וועט אויסטראכטען! ווי באלד ס׳איז ביי אייך א בקור־חולים — טענה׳ן מיר — איז דאך עס א בקור־חולים פון אונזערטוועגען, פון די ארעמע לייטס וועגען, נישט פונ׳ם דאקטארס וועגען! אנו, לאז פרובען זיין א בקור־חולים אהן ארעמע לייט, אהן קראנקע, מיט נור דאקטוירים אליין! וואס, אפשר ניט אזוי?...

— פאפּאשא, יאוורעי! *) — שרייען צו מיר די קלענערע קינדער און רופען מיך פון וואלד ארויס.

פון זינט איך האב „געהאפּט" די גראבע עטליכע טוויענדער און עם האבען אנגעהויבען אריינקומען צו מיר אין שטוב אריין סטודענטען, האט מען ביי מיר אויפגעהערט צו רעדען יודיש, האטש די סטודענטען (ווי הייסען חצקילעוויטש, קנאבעלמאן און פייטעלזאהן) קומען ארוים פון יודען, און ס׳איז נאר א סברא, אז זיי זענען אליין אייך יודען... אויף זיי קוקענדיג רעדען שוין אונזערע קינדער מיט אונז אויך ניט קיין יודיש. זיי זאגען, אז מע רעדט שוין היינט אין ערגיץ נישט „פאושיראוווסקאמו" — און געה טהו ויי עפּיס!

(פארטזעצונג קומט).

# געזונד קען מען ווערען אין דער היים אויך.

אויב ד׳וואלט צוטהיילט דאס יאהר נישט אויף 4 צייטען לויט דער שטעלע פון דער ערד ארום דער זון, נאר לויט יודישע בעשעפטיגונגען, וואלט איך די דריי חדשים אייר, סיון, תמוז א נאמען געגעבען קאנסיליום־חדשים, ווייל אין די חדשים דערמאנען זיך יודישע קינדער אין אלע זייערע קריינק און מאכען „קאנסיליומ׳ס". פון אלע פערווארפענע ווינקעליך איז מען דעמאלט עולה־רגל קיין ווארשוי, אדער א אנדער גרויסער שטאדט, בכדי זיך מתיעץ צו זיין מיט א „גאנץ גרויסען" דאקטער, מיט א פראפעסאר, וואוהין צו פאהרען אום געזונד צו ווערען, אדער לכל הפחות דאס געזונד אביסיל צו „פערלאטען". האט מען קיין געלד נישט צו לאזען זיך אין די ווארים־בעדער למדינת הים, מוז מען לכל הפחות טריינקען עפּיס א מינעראל־וואסער אין דער היים, עפּים מוז מען דאך טהון אזוי ווי איינער זאגט:

*) פאטער, יודען!

נעדולד און האָבען זיך מישב געווען, אז זיי וועלען אליין דערהויבען זייער קול אין פּאַרלאמענט. דעם 14־טען אָקטאָבער האָבען זיי די לאָטהרינגער דעפּוטאטען אריינגעפיהרט אין די נאַציאָנאַלפערזאַמלונג און דער גרויסער מליץ־טוב, הערר ב ע ר ר האָט געקראָגען דאָס וואָרט. ער האָט ניט פיעל גערעדט, אָבער וואָס ער האָט גערעדט איז געווען מיט חן און מיט שכל. ער האָט געשילדערט די געשיכטע און די ליידען פון זיין פאָלק און האָט בעשוואָרען די פערזאַמלונג אין נאָמען פון דער רעליגיאָן, פון דער גערעכטיגקייט און מענשליכקייט, אז מען זאָל ניט לאָזען ווייטער די קינדער פון דעם עלטעסטען פאָלק שמאַכטען אין נויט און עלענד און מען זאָל זיי געבען די פרייהייט.

די רעדע האָט געמאַכט אין דער נאַציאָנאַלפערזאַמלונג אַ גרויסען איינדרוק; דער פּרעזידענט פּ ר ע ט אָ האָט געענטפערט אויף די רעדע, אַז די פערזאַמלונג וועט זיך גליקליך שעצען, ווען זי וועט קענען געבען די יודען רוה און פרייהייט. די גאַנצע פערזאַמלונג האָט אַפּלאָדירט און האָט ערלויבט, אַז דער הערר בערר און די אַנדערע יודישע דעלעגאַטען זאָלען בלייבען אין דער פערזאַמלונג אַלס עהרענגעסט. מען האָט אויך צוגעזאָגט, אויף די אַנדערע אַסיפה צו שטעלען די יודענפראַגע אויף דעם סדר היום. אָט דאָ האָבען אָנגעהויבען די יודען צו האָפען און אַלע זענען געווען בעגייסטערט פאַר די גערעכטיגקייט און איידעלקייט פון דער נאַציאָנאַלפערזאַמלונג.

פראַנקרייך אָבער האָט דאַן געלעבט ווי אין אַ פיבער, ווייל דער פּאָליטישער צושטאַנד איז אַלץ געווען זעהר אַ אויפגערעגטער. די יודען האָבען מיט'ן גאַנצען האַרצען טהייל גענומען אין אַלע דאַמאָלדיגע געשעהענישען פון לאַנד. די פינאַנצען זענען געוואָרען זעהר שלעכט און די רעגירונג האָט ניט געהאַט קיין געלד, דאָ האָבען אַלע יודען, אפילו די אָרימע געבראַכט זייערע קרבנות פאַר די רעגירונג. ז ל ק י נ ד ה ו ר ו ו י ץ איז געוועזען דאָלמעטשער פאַר די שפּראַכען פון די מזרח־פעלקער און ביבליאָטהעקאַר און האָט געקראָגען דערפאַר דעם קליינעם געהאַלט פון 900 פראַנק (500 רובעל) אַ יאָהר. פון אָט דעם ווינציגען געהאַלט האָט דער בעגייסטערטער מאַן געשענקט דער רעגירונג פאַר שטענדיג דעם 4־טען טהייל. ענדליך איז דאָך געקומען די צייט, ווען מען זאָל זיך ווידער פערנעהמען מיט דער יודענפראַגע. מען האָט אויסגעקליבען אַ רעפערענטען פאַר די פראַגע און האָט בעשטימט אַ בעזונדער אַסיפה פאַר דעם ענין. אָבער—מען האָט פערפלאָנטערט די יודענפראַגע מיט אַנדערע משונהדיגע פראַגען. מען האָט געשטעלט די פראַגע, אויב מען מעג יודען, פּראָטעסטאַנטען, קאָמעדיאַנטען און שאַרפריכטער אויסקלויבען פאַר דעפּוטירטע און פאַר בעאַמטע? ווייל די קאַטהאָליקען האָבען אַלע די סאָרטען פון מענשען פעראַכטעט און געשטעלט אויף איין מדרגה. דער רעפערענט קלערמאָנט־לאָננערר האָט גערעדט ווי די לעבעדיגע לאָגיק אַליין און האָט נאָכגעוויזען, אַז אַלע מענשען ווערען געבאָרען מיט גלייכע רעכטע און אַז מען טאָר ניט מאַכען קיין אונטערשיעד צווישען די קלאַסען. פון דעסטוועגען איז די זאַך גאַר ניט געווען אַזוי איינפאַך, ווי ער האָט געמיינט. עס איז געוואָרען אַ הייסער ויכוח צווישען די ביירע פּאַרטייען. די פערזאַמלונג האָט ניט געהאַט דעם מוטה אַרויסצוזאָגען אָפען איהר מיינונג און האָט אַנגענומען אַ דיפּלאָמאַטישען צוויידייטיגען בעשלוס. מען האָט אָבגעטהיילט די יודען פון די פּראָטעסטאַנטען און מען האָט דערנאָך בעשלאָסען: די פערזאַמלונג לייגט אָב די

"רבונו של עולם, האָסט מיר נישט נעגעבען אויף וואַרים־בעדער, שיק מיר חאָטש אַ רפואה שלמה דורך דאָס מינעראַל־וואַסער אין דער היים".

אַ גאַנץ יאָהר איז יעדער קראַנקער יוצא מיט זיין הויז־דאָקטער, גלויבט אין איהם, פאָלגט אַלץ, וואָס ער הייסט טהון; ווי ס'הויבען זיך אָן אָדער די קאָנסיליום־חדשים, פערלירט דער קראַנקער, מעשה שטן, די גאַנצע אמונה אין ד ע ם דאָקטער, וואָס קען איהם אויסגעצייכענט און ס'ציהט איהם, ווי מיט אַ מאַגנעט, צו אַ "גרויסען" דאָקטער אין דער רעזידענץשטאָדט. און דאָס קאָסט שוין שען געלד, אָבער דערויף האָט דאָך נאָט בעשאַפען זילבערנע לייכטער און אַנדערע חפצים, וועלכע בעטען זיך, מען זאָל זיי פערזעצען. דער "גרויסער" דאָקטער אפילו קאָסט נישט קיין סך, אָבער די "נעבענזאַכען" קאָסטען: אַז מען קומט אין די גרויסע שטאָדט, מוז מען פערפאָהרען אין אַ אַכסניא: דער בעל־אַכסניה איז כסדר העולם אַ בעל מטופל קיין עין הרע און מ ו ז זיך געביך אריינמישען אין אַלע געשעפטען פון דעם אורח. איז דער אורח קראַנק, ווערט דער בעל־אכסניא אַ מליץ יושר צווישען איהם און דעם דאָקטער. איידער דער דאָקטער זעהט נאָך דעם קראַנקען, ווערט דער לעצטער בעאַרבעט פון קאָפּ ביז פּוס: מען אַנאַליזירט זיין לחות, זיין השתנה א. ז. וו. און דאָס בעזאָרגט נישט דער חולה אַליין, נאַר, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, זיין אַפּוטרופּס דער בעל־אכסניא, אָדער בשעת הדחק אַ פעלדשער. פריהער ווערט גערופען גלאַט אַ דאָקטער, נאָך פון די קליינע, ווייל טהייל "גרויסע" דאָקטוירים ווילען נישט קומען, ביז ס'פערבעט זיי אַ אַנדער דאָקטער, דער קליינער דאָקטער רופט אָפּט אַביסיל אַ גרעסערען, אַ ספּעציאַליסט, און זיי ביידע רופען שוין אויף אַ קאָנסיליום דעם גאַנץ גרויסען. דאָס קאָנסיליום דויערט אַ פּאָר מינוט נור, ווייל ד אָ ס האָבען מיר שוין אַ קימא־לן אַז וואָס גרעסער דער דאָקטער איז, בעטראַכט ער דעם קראַנקען ווייניגער, ווייל ער האָט פּשוט קיין צייט נישט....

דאָס מעהרסט יודען זענען נישט יוצא מיט איין גרויסען דאָקטאָר און לויפען צו צוויי, אָדער נאָך מעהר. און דעמאָלט ווייסען שוין די קראַנקע גאָר נישט, וועמען זאָלען זיי פאָלגען. הלוואי וואָלט זיך אַזוי נישט געטראָפען, ווי ס'טרעפט זיך, אַז איין דאָקטער הייסט פאָהרען קיין קאַרלסבאַד, און דער צווייטער למשל קיין ווישי. אמת איז, דאָס צווישען די צוויי וואַרים־בעדער איז כמעט קיין חילוק נישט דאָ, דער קראַנקער ווייס אָבער דערפון נישט און מיינט, אַז זיין גאַנץ לעבען איז איינגעשטעלט, אויב ער וועט חלילה פאָהרען קיין ווישי אַנשטאַט קאַרלסבאַד, אָדער פערקעהרט. וועמען זאָל ער גלויבען? אָט אין אַזעלכע פערלעגענהייטען "טרעט מען אָב" אויפ'ן וועג קיין אויסלאַנד, קיין בערלין, וויען, בכדי אַנ'עצה צו האַלטען מיט אַ אויסלענדישען פּראָפעסאָר.

דער אויסלענדישער פּראָפעסאָר וואַרפט אַוועק ס'רוב אי קאַרלסבאַד, אי ווישי, דען "וואָס קענען ז יי דאָרט אין וואַרשוי", און שיקט דעם קראַנקען גאַר ערגיץ אַנדערש און לרוב אין אַ אָרט, וועלכען ער פּראָטעזשירט. דער נערוועזער פּאַציענט — און וועלכער יוד און דערצו אַ קראַנקער איז נישט נערוועז — דערצעהלט שפּעטער די גדלות פונ'ם אויסלענדישען פּראָפעסאָר: "ער האָט — זאָגט ער איהם גאָר נישט בעטראַכט, ער האָט אפילו איהם נישט געהייסען זיך אויסטהון, ער האָט נור אויף איהם אַ קוק געטהון." און דעם קוק געדענקען פּאַציענטען—בפרט נקבות—ס'גאַנצע לעבען.

דאָס פאָהרען אין די אויסלענדישע בעדער פערברייטעט זיך וואָס אַ מאָל מעהר, ווייל די אייזענבאַהן־פערבינדונגען אין אויסלאַנד זענען וואָס אַ מאָל בעסער און וועלוועלער. דער קראַנקער יוד קומט שוין יעצט צום דאָקטער נישט מיט דער פראַגע, אויב ער זאָל פאָהרען, נאָר וו א ו ה י ן, און אחינו בני ישראל פאָהרען דאָרט, וואו מען לאָזט קיין יודען נישט אריין אין איין אָרענטליכען האָטעל אפילו, וואו מען שרייט זיי נאָך העפּ, העפּ, וואו מען ברענט זיי גלאַט יעדען טריט און שריט, און די קעשענעס פון אונזערע דם־שונאים ווערען וואָס אַ מאָל דיקער און פילער פון יודישער פּראַצע.

אין אַ סך פעלע מוז מען טאַקי דעם קראַנקען אָברייסען פון זיינע עסקים, פון זיינע טעגליכע דאגות און פון זיין נישט היגיענישען לעבען און

יודענפֿראַגע אויף איין אַנדער מאל, דערווייל אָבער בלייבט די פֿראַגע אונענטשידען". די יודען האָבען דערום נאָך ניט געקענט אויסגעקליבען ווערען פֿאַר דעפּוטירטע און בעאַמטע.

אָט דאָ האָבען אונזערע יודישע יחסנים פֿון באָרדאָ געזעהען, אַז זייערע רעכטע זענען עפּיס אויך ניט אזוי זיכער און זיי האָבען אָנגעהויבען מורא צו האָבען פֿאַר זייער צוקונפֿט. פֿאַר זייערע ברידער אין עלזאַס האָבען זיי זיך ניט געקימערט, אָבער — פֿאַר זיך אַליין. זיי האָבען זיך בעאיילט צו שיקען אַ דעפּוטאַציאָן נאָך פּאַריז, אום צו פֿערלאַנגען, אַז מען זאָל זיי בעשטעטיגען זייערע רעכטע. די בעפֿעלקערונג איז געוועזען צו זיי פֿריינדליך, און דערום האָבען זיי געקענט קומען גיך צום ציעל. אַם 28-טען פֿעברואר 1890 האָט דער דעפּוטאַט פֿון באָרדאָ דעזעזע זעהר וואַרם גערעדט פֿאַר די יודען פֿון באָרדאָ און דער בעריהמטער טאַללעראַן האָט איהם אונטערגעהאַלטען, די פֿינסטערע מחנה פֿון די יודענפֿיינד איז ווידער געוועזען אַנטקעגען, אָבער די מעהרהייט האָט בעשלאָסען, אַז די יודען וואָס שטאַמען פֿון שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און די פֿון באָרדאָ און אַוויניאָן זאָלען האָבען אַלע רעכטע גלייך מיט די קריסטליכע בירגער. דער קעניג האָט גלייך דאָס געזעץ בעשטעטיגט און דאָס איז געוועזען די ערשטע בעשטעטיגונג פֿון יודען אלס בירגער אין פֿראַנקרייך. די יודען פֿון באָרדאָ זענען געוועזען מלא שמחה, זיי האָבען געשריען, זיי זענען איצט גאַנצע עכטע פֿראַנצויזען, זיי ווילען פֿון משיח'ן ניט מעהר וויסען, לודוויג דער זעכצעהנטער איז זייער משיח. דער מין יודען איז בעשטאַנען פֿון מאוסע אסימילאַנטען און נידריגע קריעכער, און זיי האָבען פֿיינט געהאַט זייערע ברידער אין עלזאַס און לאָטהרינגען ווי עכטע אַנטיסעמיטען. עס איז שטענדיג אַ גרויסער פֿעהלער, אַז מען נעהמט ארויס פֿון אַ פֿאָלק אַ קליינעם טהייל און מען גיט זיי פֿרייהייט, זיי ווערען דורך דעם צו פֿיינד פֿון זייערע ברידער און פֿערגעסען זייער פֿאָלק. דאָס קען מען זעהען אומעטום אין דער יודישער היסטאָריע.

די יודישע דעפּוטאַטען פֿון פּאַריז און עלזאַס און לאָטהרינגען האָבען עס ניט געהאַט אזוי גרינג. זיי האָבען זיך דערשלאָגען צו זייערע בירגעררעכטע מיט פֿיעל מאַטערניש. נאָכדעם ווי זיי האָבען געזעהען, אַז עס האָט גאָר קיין צוועק ניט, זיך ווידער צו ווענדען צו דער נאַציאָנאַלפֿערזאַמלונג, האָבען זיי געזוכט איין אַנדערן וועג. זיי האָבען געוואָלט די נאַציאָנאַלפֿערזאַמלונג צווינגען, אַז מען זאָל זיי געבען פֿרייהייט. זיי האָבען געוואונען דעם גרויסען אַדוואָקאַטען פֿון פּאַריז גאָדאַרד פֿאַר זייער זאַך און האָבען זיך דורך איהם געווענדט צום מאַגיסטראַט פֿון דער שטאָדט פּאַריז. גאָדאַרד האָט אַריינגעפֿיהרט 50 יודישע סאָלדאַטען פֿון דער נאַציאָנאַלגוואַרדיע מיט זייערע קאָקאַרדעס אונטער דער לייטונג פֿון דעם פּוילישען יודען זלקינד הורוויץ אין דאָס מאַגיסטראַט פֿון פּאַריז און האָט זיי פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דעפּוטירטע פֿונ'ם יודישען פֿאָלק. זיי האָבען געבעטען, דער ראַט פֿון פּאַריז זאָל זיך סטאַרען פֿאַר זיי, אַז זיי זאָלען קריגען בירגעררעכטע. גאָדאַרד האָט געהאַלטען אַ פֿייערדיגע רעדע פֿאַר די יודען און האָט געריהמט זייער התלהבות פֿאַר די פֿרייהייט און פֿאַר זייערע ברידער און האָט געוויזען אויף זלקינד הורוויץ, ווי ער איז טריי דער מלוכה און אָפּפֿערט אַלעס. דער פּרעזעס פֿון דער פֿערזאַמלונג האָט געענטפֿערט מיט אַ שענער רעדע, אַז יודען און קריסטען זאָלען זיך אַלס מענשען ליעב האָבען און האָט צוגעזאָגט צו שטיצעי די יודען אין זייער בקשה. אויף דעם 2-טען טאָג האָבען די יודען

---

דערפֿאַר מוזען מיר איהם שיקען ערגיץ קיין אויסלאַנד, ווייל ביי אונז אין דער היים האָבען מיר ווענינ וואַרימבעדער. און די, וועלכע זענען דאָ, זענען איינגעריכטעט אַ סך ערגער ווי אין אויסלאַנד און קענען נישט קאָנקורירען מיט די אויסלענדישע, וואו דער חולה קען לעבען פֿאַר זיין געלד אין רחבות.

פֿאַר וואָס אָבער האָבען מיר ווענינ היילאַנשטאַלטען און פֿאַר וואָס זענען זיי נישט גוט איינגעריכטעט? טהייל בעשולדיגען די דאָקטוירים, ווייל זיי שיקען נור קיין אויסלאַנד און דערפֿאַר האָבען אונזערע הייל-ערטער קיין כח פּשוט זיך צו ענטוויקלען. ס'איז אָבער נישט אמת. יעדער פֿון אונז וויל מיט דעם גאַנצען האַרץ פּראָטעזשירען די אינלענדישע וואַרימבעדער, אָבער דער נור אַביסיל פֿערמעגליכער קראַנקער וויל אפילו נישט הערען פֿון זיי, ווייל די אמונה אין די אויסלענדישע בעדער איז זעהר גרוים, אי וואָס, מען בלייבט אָהן כחות, ביז מען קומט אַהין, מען האָט חרפּות און בושות, דער קראַנקער האָט אָבער איין און איינציגען וואונש — געזונד צו ווערען און בכדי דעם צוועק צו ערדייכען איז ער מוכן ומזומן צו אָפּפֿערען נישט נור פֿערשידענע דעות, טעאָריעס, פּרינציפּען, נאַר אפילו — דאָס פֿערמעגען. די שטרענגסטע אמונות אפילו ערלויבען דעם קראַנקען עובר צו זיין אויף אַ סך מצוות, אויב דורך דעם קען ער געהיילט ווערען אָדער בעקומען לכל הפּחות אַ ערלייכטערונג. די גאַנצע פֿראַגע איז נור, צי מען קען נישט געזונד ווערען אין דער היים אויך, צי אויסלאַנד האָט אָבגעקויפֿט ביי'ם רבש"ע דעם מאָנאָפּאָל פֿון רפֿואות? אזוי ווי מיר וועלען זעהן ווייטער, קען מען אין דער היים אויך געזונד ווערען, דער קראַנקער אָבער האָט מורא צו פּריוועז. אַ קראַנקער מענש בעקומט נאָר אַ בעזונדער שכל, וועלכען אַ געזונדער פֿערשטעהט גאָר נישט.

"זאָל זיין פֿון אַ קאָזאַק, אבי צו געזונד". אויסער דעם ליגט שוין גלאַט בטבע גרינג צו שעטצען דאָס, וואָס מען האָט נאָהענט, ביי דער האַנד און צו גלויבען אָן דעם, וואָס מען זעהט נישט, וואָס איז ערגיץ העט ווייט, מעבר לירדן, וואָס מען בעדאַרף צו זוכען וואַלד אויס, וואַלד איין. די אמונה, אַז ערגיץ איז אוודאי בעסער, אַז ערגיץ קען מען געפֿינען אַ רפֿואה אויף יעדער קריינק, איז איינגעוואָרצעלט אין יעדעם פֿון אונז.

ס'איז מעגליך, דאָס אונזערע אָבות אבותינו האָבען צופֿעליג אויסגעוואַנדערט פֿון אַ פֿיעבערגעגענד. ד. ה. פֿון אַזאַ אָרט, וואו מען קריינקט אויף קדחת און דורך דעם זענען זיי געזונד געוואָרען און אויף דעם אופן איז אפשר געלייגט געוואָרען דער פֿונדאַמענט פֿון דער אמונה, אַז מען מוז זוכען געזונד, אַז ערניץ איז דאָ דער גוטער שליח, נאַר מען מוז איהם זוכען וכדומה.

אַז די סבות פֿון קראַנקהייטען ליגען ס'מייסט אין דעם מענש אַליין וויל קיינער נישט וויסען; מענשען לעבען נישט היגיעניש, ערנעהרען זיך שלעכט, אַרבייטען צופֿיעל, אָדער לעבען צופֿיעל, דאַכט זיך דאָ בעדאַרף מען זוכען דעם שליסעל פֿון פֿערשידענע קראַנקהייטען, — נאָר ניין! קיינער וויל נישט מודה זיין, אַז ער אַליין איז שולדיג, שולדיג איז די לופֿט שולדיג איז דער רעגען, די דירה און מענשען ציהען זיך אויס פֿון אַ דירה נישט נור, ווייל ס'איז עמיץ געשטאָרבען אָדער געקריינקט אויף אַ אנשטעקענדע קראַנקהייט — וואָס וואָלט נאָך אפילו געוועזען נישט זעהר נאַריש — נאַר אפילו נאָך אַ שווערען קימפּעט אָדער נאָכדעם, ווי אַ קינד איז אַראָבגעפֿאַלען פֿונ'ם באַלקאָן. איהר וועט אוודאי זאָגען, אַז אזוי פֿיהרט מען זיך נור ביי'ם המון, ביי קליינשטעדטילדיגע חסידים, אָבער די מעהר געבילדעטע קלאַסע איז שוין נאָר עפּיס אַנדערש. ניין, כ'בעט איבער זייער כבוד, די געבילדעטערע לאַכען טאַקי פֿון די אַלע נאַרישקייטען כל זמן זיי זענען געזונד... ווערט מען אָבער קראַנק, און ס'איז דאָ אַ שטיקיל סכנה, ווערט דער קלינסטער מענש אַביסיל אָבערגלויביש, דאָס הייסט נאָך מעהר, מיט דעם דאָקטער איז מען שוין נישט יוצא, מען הייבט אָן צו זוכען עפּיס אומנאַטירליכעס, עפּיס אַ וואונדער.

(פֿאָרטזעטצונג קומט).

ד"ר ג. ל.



געבעטען די בירגער פון דעם שטאָדטטהייל קאַרמעליט, וואו די מעהרסטען יודען האָבען געוואוינט אַז מען זאָל זיי געבען אַ אַטעסטאַט, ווי זיי פיהרען זיך אויף. די קאַרמעליטער פערזאַמלונג האט זיך זעהר אַנגענומען פאַר די יודען און האט זיי געריהמט, אַז זיי האָבען זיך בעגייסטערט פאַר די פרייהייט, אַז זיי זענען פרידליך און גערעכט. מיט אזא אַטעסטאט זענען זיי געגאַנגען ווידער צו דעם מאגיסטראט. דאָרט האָט מען געהאַלטען לאַנגע שענע רעדען און מען האָט בעשלאָסען צו פערלאַנגען פון דער נאַציאָנאַלפערזאַמלונג אין נאמען פון פאריז, מען זאָל גלייך אלע פאַריזער יודען מאַכען פאר פראַנצויזישע בירגער. אַלע טהיילען פון דער שטאָדט פאַריז האָבען זיך ערקלעהרט פאר די יודישע רעכטע און דעם 25 פעברואַר איז געגאַנגען אַ בעזונדערע דעפּוטאַציאָן פון דער שטאָדט פאַריז צו דער נאַציאָנאַלפערזאַמלונג און האָט געפאָדערט, מען זאָל געבען די יודען רעכטע. פון דעסטוועגען איז עס דאָך ניט געגאַנגען אַזוי גיך. מען האָט די זאַך ווידער אָבגעלעגט און איינינע אַנטיסעמיטישע בישעפע האָבען דערוויייל אינטריגירט אנטקעגען די יודען. די יודענפראַגע איז אָבער — ווי אומעטום — צוזאַמענגעהאַנגען מיט אַנדערע פראַגען, וואָס זענען וויכטיג פאַר די מלוכה. די יודען פון עלזאַס האָבען פריהער געמוזט צאָהלען גרויסע אָבצאהלונגען, און אַז מען האָט גערעדט פון די פינאַנצען האָט מען געמוזט פרעגען אויב די יודען זאָלען ווייטער צאָהלען די שווערע אבצאהלונגען אָדער ניט. די פערזאַמלונג האָט בעשלאָסען אם 20-טען יולי, אַז די יודען דאַרפען איצט ניט מעהר צאָהלען ווי די אַנדערע בירגער. דער דאָזיגער בעשלוס איז געוואָרען צום געזעץ און דער קעניג האָט עס אונטערשריבען.

די הויפּטפאָדערונג וועגען דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג. איז אָבער נאָך אַלץ ניט בעשלאָסען געוואָרען. די זאַך האָט זיך אַלץ פערצויגען. מען האָט אַלע מיטעל אויסגעפּראָבירט און עס האָט ניט געהאָלפען. די גאַנצע פערפאַסונג (די גרונדגעזעצען) איז שוין געוועזען פאַרטיג און דער קעניג האָט שוין געגעבען זיין הסכמה, אָבער די יודען זענען נאָך אַלץ ניט געקומען צום ציטל. זיי האָבען געהאַט מענשענרעכטע אָבער ניט קיין בירגעררעכטע. ווען מען איז אָבער קיין בירגער ניט, ווערט מען אויך ניט אלס מענש געאַכטעט און מען האָט גאָר קיין מיטעל ניט, זייערע מענשענרעכטע צו שיצען. ערשט עטליכע טעג איידער די נאַציאָנאַלפערזאַמלונג איז פערמאַכט געוואָרען האָט זיך איין דעפּוטירטער דיפּאָרט דערמאָהנט אין די יודען און האָט זיי דורך אַפּאָר ווערטער פערשאַפט די גלייכע רעכטע. ער האָט געגעבען אַ פּראָסטען בעווייז. ער זאָגט: „מען האָט געגעבען די יודען פרייהייט אין רעליגיאָן. נון שטעהט אָבער דאָך אין דער פערפאַסונג, אַז די רעליגיאָן טאָר ניט זיין קיין מניעה צו בירגעררעכטע. אַלזאָ מוז מען די יודען, האָטש זיי האָבען איין אַנדערע רעליגיאָן ערקלעהרען פאַר פראַנצויזישע בירגער. איך פערלאַנג אַז מען זאָל ערקלעהרען, אַז אלע יודען אין פראַנקרייך מעגען געניעסען אַלע רעכטע ווי אַלע אַנדערע בירגער". די פינסטערע קאָמפּאַניע איז שוין געוועזען אויסגעטרעטען פון דער נאַציאָנאַלפערזאַמלונג און כמעט אַלע דעפּוטאַטען אין דער פערזאַמלונג זענען געוועזען פאַר פרייהייט און פאַר רעכט. דערום האָט דיפּאָרט געפונען אַ גרויסען בייפאַל מיט זיין רעדע: און אין דעם טאָג, אַם 27-טען סעפּטעמבער 1791 האָט די פערזאַמלונג אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון דיפּאָרט און האָט ערקלעהרט, אַז אַלע יודען אין פראַנקרייך זענען עכטע בירגער און מען זאָל זיי אויפפאָדערן, זיי זאָלען שווערען, אַז זיי וועלען בלייבען טרייע בירגער. 2 טעג נאָכדעם איז די פערזאַמלונג געשלאָסען געוואָרען און אם 13 טען נאָוועמבער 1791 האָט דער קעניג געגעבען זיין הסכמה און האָט אונטערגעשריבען די בירגעררעכטע פאַר די יודען.

פאַר די פראַנצויזישע יודען איז דאָס געוועזען אַ יום־טוב און אַלע זענען געווען מלא שמחה איבער די דערלאַנגטע פרייהייט. בעזונדערס האָט זיך געפרעהט בערר־איזאאק בערר, אַז זיינע בעמיהונגען זענען געקרוינט געוואָרען מיט גליק. ער האָט אָבער אויך באַלד אנגעהויבען צו טראַכטען איבער די יודישע צוקונפט אין פראַנקרייך און געזוכט מיטלען ווי צו פערבעסערען די מאָראַלישע און די גייסטיגע לאַגע פון זיינע ברידער. ער האָט פערפאַסט איין יובל־שריפט און האָט זי פונאַנדערגעשיקט צו אַלע פראַנצויזישע יודען כדי זיי צו בעגייסטערען פאַר די נעקראָגענע פרייהייט און זיי צו פעדינטערעסירען פאַר פערבעסערונגען און רעפאָ־מען. אין דער שריפט פייערט ער דעם טאַג, ווען די שמאַך איז אראָבגענומען געוואָרען פון די יודען און זיי קענען ווידער געניסען די ליכטיגע גאָלדענע פרייהייט. ער זאָגט אַז זיי זאָלען בלייבען גוטע יודען אָבער זיי זאָלען אויך ווערען געבילדעטע מענשען און ניצליכע פראַנצויזישע בירגער. זיי זאָלען אראָבוואַרפען זייערע פעהלערען פון דער קנעכטשאַפט פון געהעטאָ, זיי זאָלען לערנען פראַנצויזיש און רעדען פראַנצויזיש, זיי זאָלען גרינדען גוטע שולען און זייערע קינדער מאַכען צו גוטע יודען, וואָס בלייבען טריי דער רעליגיאָן, און צו גוטע פראַנצויזישע בירגער וואָס ערפילען מיט פרייד זייערע פליכטען, ווייל מען האָט זיי געגעבען רעכטע. בערר איז געוואָרען אַ גרויסער פריינד פון בילדונג, אָבער ער איז ניט געוועזען קיין אסימילאַנט, ער האָט געוואָלט, אַז די יודען זאָלען ניט פערגעסען זייערע אבשטאַמונג אונד זייערע יודישקייט.

די פראַנצויזישע יודען זענען טאַקע באַלד געוואָרען טרייע בירגער פון פראַנקרייך. זיי זענען געוועזען דאַנקבאַר פאַר זייער בעפרייאונג און האָבען זיך בעטהייליגט אין אַלע זאַכען פון לאַנד מיט'ן גאַנצען האַרצען. אַז מען האָט באַלד געדאַרפט האָבען געלד, זענען די יודען געוועזען די ערשטע, וואָס האָבען געשענקט מיט פולע הענד. די קליינע געמיינדע פון באָרדאָ האָט אליין צוזאַמענגעבראַכט ניט וועניגער ווי 100 טויזענד פראַנק פאַר די רעגירונג. אויך זענען די יודען געגאַנגען פרייוויליג דיענען פאַר סאָלדאַטען און זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער גבורה און זענען געוואָרען אָפיצירען. די יודען האָבען באַלד אויפגעהערט זיך צו בוקען און צו בייגען און זענען געוואָרען פרייע מענשען. פיעל האָבען טאַקע באַלד אַראָבגעוואָרפען זייערע יודישקייט, אָבער דאָס איז ניט געוועזען די שולד פון דער בעפרייאונג, נאר פון דער שלעכטער און פאַלשער ערציהונג.

פון פראַנקרייך זענען אַרויסגעגאַנגען די שטראַהלען פון פרייהייט אין די גאַנצע וועלט און פון פראַנקרייך איז אויך ארויסגעגאַנגען די דערלייכטערונג פאַר די יודען פון דער גאַנצער וועלט. מען האָט אָנגעהויבען אומעטום צו שטרייטען פאַר די יודישע גלייכבערעכטיגונג און פאַר די יודישע פרייהייט. אין האָללאַנד האָבען די יודען באַלד דערגרייכט די פרייהייט און אויך אין דייטשלאַנד האָבען זיי אָנגעהויבען פון דער צייט אָן מיט מעהר מוטה צו אַרבייטען פאַר די דערגרייכונג פון זייערע רעכטע.

פאַביוס שאַך.

---

# יודישער דלות אין אדעס.

(איינדריקע און בעאבאכטונגען).

V.

טאצעצניקעס—ווענעליך מיט משא שטופער—האבען מיר פערשריבען 373. דאס זענען פון אדעסער ארימע די ארימסטע. א טאצעצניק הייסט דאס א אביון פון דער לעצטער מדרגה, א אביון וואס שטענדיג דערעסט נישט, דערטרינקט נישט, וואס געהט שטענדיג אבגעריסען און אבגעשליסען, וואס שטענדיג הושכ'ט פיינגט זיך אויפ'ן גאס, זוכענדיג זיין שווערע צרה'דיגע פרנסה. זומער אין די גרויסע היצען אונטער דער ברענעדיגער זון, ווינטער אין די בייזע ווינטען, פרעסט און שנייען, וואלגערט ער זיך אויפ'ן גאס מיט זיין טאצקע, שטופענדיג א משא פון 15—20 פוד, אדער ערוואַרטענדיג די משא מיט גרויס אומגעדולד, מיט מורא... אויב עס וועט היינט קיין „שפאציר" מיט משא ניט זיין — הייסט דאס אז ער און די געזינט וועלען היינט בלייבען ניט געגעסען זייער געוועהנליך שטיקיל טרוקענעס ברויט. א טאצעצניק — דאס איז א בילד פון אדעסער קעלער־ארימקייט אויסגעשטעלט אין גאס, אין מיט'ן שטאדט. — „זעהט, זאַטע און צופריידענע, וואס פאר צרות און יסורים ס'איז דא נישט ווייט פון אייך"... אבער דאס אויג ווערט צוגעוועהנט צו אלץ און אויך דאס אימה'דיגע בילד פון אדעסער דלות מאכט נישט אויף די פארביינגעהער דעם נייטהיגען איינדרוק.

טאצעצניקעס זענען דא יודישע אין אדעס געוויס מעהר ווי 600—700, אבער נישט אלע האבען זיך פערשריבען. פיעל האבען די קאנטראלארען דורכגעלאזען צו פערשרייבען און פיעל ענטזאגען זיך צו פערשרייבען, ווייל זיי איז א בזיון צו נעהמען נדבות. עס איז זיך גאר ניט פארצושטעלען, וואס פאר א ביטער, ארים לעבען די טאצעצניקעס פיהרען. זיי וואהנען אין די ערגסטע דירות, אין לעכער, גריבער, פערווארפענע ווינקלען פון פאדוואלען (צו איינינע דירות דארף מען פיהער דורכגעהן דורך פינסטערע, בלאטיגע, גריבעדיגע „טונעלען"), אין ענגשאפט, צו 2—3 געזינטען אין איין צימער, שפייזען זיך מיט ברויט, טהיי, קליינע פישליך, אדער קארטאפלעס. פלייש עסען ווי זעלטען, אין איינינע קעלערס ביי טאצעצניקעס האט מען מיר געזאגט אז פלייש קויפט מען נור אויף שבת *), און דאס נישט אלע מאל (א טאצעצניק, א פוילישער יוד, האט מיר דערצעהלט, אז אויף דעם לעצטען שבת איז ביי איהם געוועזן נור ברויט מיט טהיי—און דאס טרעפט זיך, האט ער לאכענדיג געזאגט, דריי מאל א חדש). אנגעטהון געהען זיי אין סמאטעס, צוריסענע לעכער, מיט אפענע הערצער, מיט בארוועסע פיס.

פאר א ווענעלע נעהמט מען זיך דאן אז אלע וועגען זענען שוין פארשטעלט, אז אלע פרנסות זענען שוין אויסגעפרובט געווארען. פאר א ווענעלע נעהמט זיך אויך א אורח, וואס איז נישט לאנג געקומען קיין אדעס זוכען „גליק". און אפט בעגעגענט מען אין א ווענעלע א שענעם יודען אין א שווארצע קאפאטע... אין דער היים איז ער געוועזן א בעל־הבית, געהאט פיינע חיונה, נאכדעם געווארען א „יורד" און געלאזט זיך אין אדעס זוכען עפיס געשעפט. נאר ער האט גאר נישט געפונען און האט געמוזט זיך איינשפאנען אין ווענעלע.

ביי די ארימע אליין איז א טאצקע א מבזיון'דיגע פרנסה. אויף די פראגע, מיט וואס בעשעפטיגט זיך אייער מאן? — ענטפערט די פרוי אלע מאל זיפצענדיג, אומעדיג — מיט וואס בעשעפטיגט ער זיך? ער שטופט געביך א ווענעלע. אין דערביי לייגט מען יעדעס מאל צו: „וואס זאל מען טהון, וואו נעהמט מען בעסערע פרנסות?"

דער פערדיענסט פון א טאצעצניק איז 30, 40 העכסטענס 50 קאפ א טאג. פון דעם געמיינעם פערדיענסט דארף מען נאך צאהלען 10 קאפ' א טאג פריקאט פאר דאס ווענעלע. דאס ווענעלע איז נישט זיינס און ער בארגט עס אויף פריקאט ביי'ן פאדריאדציק, לאזענדיג אין משכון זיין פאספארט. צי ער פערדיענט א טאג צי ניט — די 10 קאפ' מוז ער איינצאהלען, אז ניט קריגט ער נישט מארגען דאס ווענעלע. אפט מאל טרעפט מען אין גאס פון אווענד א טאצעצניק זיצט און וויינט — ער האט ניט די 10 קאפ' פאר די טאצקע, וואס ער האט נישט אויף ברויט, דאס ארט איהם נישט אזוי: וועט ער האבען מארגען, אבער וואס וועט ער מאכען אהן א ווענעלע?

די פאדראציקעס פון די ווענעליך מאכען זעהר גוטע געשעפטען. איינינע האבען גרויסע אייגענע הייזער אין אדעס. א ווענעלע קאסט סך־הכל 25 רובל און נעהמענדיג פריקאט 10 קאפ' א טאג מאכט עס אויס כמעט 125 %. דער טאצעצניק וואלט האבען א אייגענעם ווענעלע, וואלט ער געראטעוועט געווען, אבער וואו קריגט מען אזא „מטמון־געלד" — גאנצע 25 רובל? עס וואלט געגרינדעט געווארען א קאסע פון קליינע אנלייהען, וואלט זי געקענט פיעל פערגרינגערען דאס שווערע לעבען פון אזעלכע אומגליקליכע. מען וואלט געקענט זיי איינשאפען טאצקעס, און צאהלענדיג דיזעלבע 10 קאפ' א טאג, וואלטען זיי אין א משך פון א יאהר אויסגעצאהלט פאר די טאצקע, און נאכדעם בלייבען א בעל־הבית פון א „אייגענער" טאצקע—דאס איז דאך א גאנצע עשירות! אזא קאסע וואלט פערגרינגערט די לאגע אויך פון פיעל אנדערע ארימע, ווי מיר וועלען שפעטער זעהן. אבער אויף אזא מין צדקה־זאך האפט מען זיך נישט אין אדעס. מען איז איינגעוועהנט העלפען א ארימאן מיט צדקה, מיט א נדבה געבען; אבער אויסהעלפען איהם מיט א גמילות־חסד, מיט א קליינע אנלייהע (אהן א משכון, געוועהנטליך), אי די הילף איז גרעסער און וויכטיגער אי קיין בזיון און פחיתת־הכבוד איז דערביי נישט דא — צו דערצו איז מען נאך נישט איינגעוועהנט.

ווי ארים די טאצעצניקעס לעבען וועל איך בריינגען איין פאקט (איינער פון צעהנדלינגע אנדערע), וועלכער כאראקטעריזירט זייער שווערע פערפינסטערע לאגע. אויף קאלאנטאיעווקע בין איך אריין אין א נידריגען פינסטערען קעלער צו א טאצעצניק. א שמאל ענג צימעריל, נאס, פון די ווענט רינט; הויל און פוסט ארום, גאר קיין מעביל. אויף דער פאדלאגע ליגען סמאטעס, צוריסענע בגדים. די פרוי האט געהאלטען א זייג־קינד אויף דער האנד, נאך דריי קינדער וואלגערען זיך אויף דער ערד. א אוננטעוועהנליכע ארימקייט... דער טאצעצניק פערדיענט זעהר וועניג. אפט קומט ער אהיים גאר אהן א פאצען, מיט ליידיגע הענד. די קינדער וויינען „עסען" און ס'איז נישטא וואס זיי צו געבען, די פרוי דערצעהלט מיר וייער ביטערע לאגע. זיי זענען פון אומאן, שוין 5 יאהר אין אדעס, און נאך איין טאג א גוטען נישט געהאט. נור הונגער, דחקות, קעלט, נויט און צרות פון טאג צו טאג.

---

*) פלייש אין די ארימע דירות קומט זעלטען אריין. דער הויפט־מאכל ביי די אדעסער אביונים איז א געקעכץ פון קארטאפלעס מיט פאסאלען „פון נישט", ד. ה. אהן פלייש, אהן שמאלץ, אהן מילך, געקאכט מיט גאר נישט...

זאלבע פירט וואָהנט מען אין אַ ענגען צימער און איין ווינקעל האָט מען נאָך פערדונגען אַ פרעמדען פאַר 5 קאָפּ׳ אַ טאָג. דער קוואַרטיראַנט איז אַ קריסט אויך אַזאַ קבצן, מסתמא, ווי זיי. אַ יודי־שער שכן האָט זיך ניט געמאַכט. און אַזוי וואָהנען אין איין צימער־ריל צוזאַמען „שם ויפת", אַ יודישע געזינט און אַ קריסט. צוויי גרויסע וועלטען פון פערשידענע מנהגים, זיטען, מדות אין איין קליינינקען צימעריל.

געוועהנטליך נור הונגער און ניט קענען ברייננען צו אַזעלכע ערשיינונגען.

קוישען־הענדלער, סטאַריאָוושצניקעס, קעראָסין—און אָבסט־אַרומטרעגער, טצאַרני־ראַבאָצעס א. ד. ג. האָבען מיר פערשריבען 2230. דאָס זענען נור אָרימע, נידערגשלאָגענע מענשען, וואָס פיה־רען זעהר אַ שווערע „מלחמה" פאַר׳ן לעבען. טראָגענדיג גאַנצע טעג איבער די הויפען די גרויסע קוישען אייער, אָבסט א. ד. ג. די שווע־רע כלים מיט קעראָסין, אָדער גרויסע קאַסטענס מיט גאַלאַנטעריי־סחורה, קומט מען אהיים מיט אַ פערדיענסט פון 50—60 קאָפּ׳ אַ טאָג. פון אַזאַ פרנסה קען מען האָבען נור אַ פינסטערען ווינקעל און אַ ביסען טרוקען ברויט. פון דעם קליינעם „ריוח" מוז מען נאָך צאָה־לען אַ היבשען טהייל דעם פּראָצענטניק, וועלכער לייהט עטליכע רובעל איינצוקויפען „רומעל". אָהן דעם בעל־טובה — פּראָצענטניק קומט כמעט קיינער נישט אויס. דעם גיט ער סחורה און שטעלט מקחים ווי איהם געפעלט (גאַלאַנטעריי־הויף־הענדלער). דעם גיט ער געלד און נעהמט עס אָב מיט אויפגעקויפטע זאַכען (סטאַריאָוואשצני־קעס) צאָהלענדיג פרייזען נאָך זיינע „מבינות" נאָך א. ז. וו. — מען האָרעוועט פאַר׳ן גזלן, בעקלאָגען זיך אַלע, אָבער וואו קריגט מען ערגיץ אַנדערש־וואו אַ רובל? — קליינע קרעדיט־פעריינען וואָלטען געקענט פיעל אויסבעסערען די לאַגע פון די דאָזיגע אָרימע, אָבער די פעריינען זענען נאָך נישט דאָ און דער פּראָצענטניק געוועלטיגט נאָך זעהר שטאַרק.

פאַבריק־אַרבייטער האָבען מיר פערשריבען נור 552 פאַמיליען. אין 1887 יאָהר האָט פּראָפעסאָר סובבאָטין פערשריבען אין אָדעס יודישע אַרבייטער 1232. פאַר די 13 יאָהר זענען פאַבריקען און זאַוואָדען פיעל מעהר געוואָרען אין אָדעס, און יודישע אַרבייטער איז געוויס מעהר ווי 3000—4000 (קיין ריכטיגע ציפער האָבען מיר לײדער נישט געקענט דערגעהן), אָבער ניט אַלע ווילען און דאַרפען אָנקומען צו שטיצע. זייער פערדיענסט איז לערך אַ רובל, אַ רובל מיט אַ פערטיל אַ טאָג פאַר 12 שעה אַרבייט, פון 6 ביז 6. דער־הויפּט אַרבייטען יודישע אַרבייטער אויף פאַבריקען פון לעדער, אייזען, טשוגון, מעביל, טאַפעטען, שפיגלען, מאַשינען, זייף, צוקער, פּאַפּי־ראָסען, גילזען, קאָנפעקטען א. ז. וו.

קוטשערס האָבען מיר פערשריבען 18[illegible]. אַרבייטער פון טאָג, שכירי־יום — מעהר ווי 200. מענשען אָהן בעשטימטע בעשעפטי־גונג, וואָס לעבען פון ווינט- 453. אָרימע לייט, „בעטלער" — 170 (בעטלער זענען געוויס מעהר, נאָר פיעל שעמען זיך ארויסצוזאָגען זיי־ער שענדליכע פרנסה), זייער אַלע פערדיענסט אַ טאָג איז פון 20 ביז 70 קאָפּ׳, אָבער ווי פיעל טעג איז גאָר קיין אַרבייט און פערדינסט ניטאָ? (פאָרטזעצונג קומט)

מענדל לעווין.

---

# יודישע שטעדט און שטעדטליך.

אַ מעשה אָהן אַ סוף. אַ בזיון. אַ רב מיט מעשים טובים.

„ווי מיר האָבען פאָרויס געזאָגט אין אונזער צייטונג, אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט: „דער פּאָליטישער הימעל האָט זיך פערחמאַרעט", אַזוי הויבען אָן אָפט די שרייבער זייערע פּאָליטישע אַרטיקלען אין די צייטונגען, מיט דיזעלבע ווערטער קען איך איצט אויך אָנהויבען מיינע „שטעדט און שטעדטליך" ווענען די וויבאָרעס פון ראַבינער אין קישיניעוו.

אין מיין פאָריגען אַרטיקעל האָב איך פאָרויסגעזאָגט, אַז די היינטיגע וויבאָרעס אין קישיניעוו וועלען זיין עטוואָס בעזונדערס אינ־טערעסאַנט, און עס האָט זיך טאַקי אַזוי אויסגעלאָזט. דעם 17 און 18־טען יולי זענען דאָרט פאָרגעקומען אַזעלכע בעזונדערע און מערק־ווירדיגע וויבאָרעס, מעהר ווי מיין אָרימע פאַנטאַזיע האָט זיך געקענט פאָרשטעלען.

דעם ערשטען טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבען זיך נאָך די וויבאָרעס ניט געענדיגט און די אמת׳ע וויבאָרעס זענען ערשט פאָרגעקומען דעם צווייטען טאָג. אַלע גאַסען, וואָס קומען אויס נאָהענט צו דער „דומא" זענען געווען פול מיט מענשען. די דריי צדדים פון די דריי קאַנדידאַטען האָבען זיך געסטאַרעט וואָס מעהר ברייננען מענ־שען פון זייער צד; דער עולם האָט זיך אַלע מאָל פערגרעסערט, נאָר פאַר זיי איז אַלץ ווינציג געווען; איין צד האָט זיך דערום געווענדעט צום גאַלאַוו מיט אַזאַ ביטע: אַזוי ווי אין דעם טאָג איז אַ יריד אין קישיניעוו און דאָס האַלט אויף אַלע משרתים פון די קלייטען צו קומען אויף די וויבאָרעס, זאָל מען מיט די וויבאָרעס איבערוואַרטען דעם יריד. נאָר דער גאַלאַווא האָט זייער ביטע אָבגע־זאָגט. דאַן האָבען זיי זיך געווענדעט צו די בעל־בתים פון די קליי־טען, זיי זאָלען בעפרייען די פּריקאַשטשיקעס, און פיעל האָבען זייערע פּריקאַשטשיקעס טאַקי אָבגעלאָזט צו די וויבאָרעס. די איבריגע צדדים האָבען אויך ניט געשלאָפען, און מען האָט אַגיטירט אויף וואָס די וועלט שטעהט. אפילו ווייבער און מיידליך האָבען געטריבען זייערע בעקאַנטע צו די וויבאָרעס און זיי אָנגעזאָגט, פאַר וועמען זיי זאָלען וואַרפען ווייסע און פאַר וועמען שוואַרצע גאַלקעס.

— געה וואַרף אַ ווייסע גאַלקע פאַר ק א ט ל א ו ו ק ע ר׳ן, שרייט אַ פריילין צו איהר חתן.

— איך קען ניט, ענטפערט דער חתן, איך בין פון ע ט י נ ג ע ר ס צד.

— איך וועל קיין מאָל ניט חתונה האָבען פאַר דעם, וואָס איז ניט פון מיין צד.

און דער שידוך צוגעהט זיך און די געוועזענע כלה געפינט איין אַנדער יונגען מאַן, וואָס זאָגט זיך אָב פון באַרשעווסקעס צד און געהט וואַרפען אַ ווייסע גאַלקע פאַר איהר צד — פאַר ק א ט ־ ל א ו ו ק ע ר׳ן.

איינע אַ פריילין מיט 25 טויזענד רובל נדן האָט דעם 8־טען יולי צוגעזאָגט 56 יונגע לייט, אַז זי וועט פאַר זיי אַ כלה ווערען, זיי זאָלען נור געהן וואַרפען ווייסע גאַלקעס פאַר איהר צד.

אַ צווייטע פריילין, זעהר אַ שענע, שרייבען די אָדעסער צייטונגען, האָט פאַר יעדע ווייסע גאַלקע פאַר איהר צד געשענקט אַ הייסען קוש.

אזוי שטארק האָבען די צדדים אגיטירט אין דער גרויסער מלחמה, אז זיי האָבען ווי די בורען אין טראנסוואל אויך גענומען זייערע ווייבער און טעכטער צו הילף. און די קישינעווער בנות־ישראל האָבען דאָ געוויזען גבורות, ניט ווייניגער, ווי די בעריהמטע בורישע פרויען.

ווען דער פּאָליציימייסטער איז ארויס אויף דער גאַס איינלאַדען דעם עולם, זיי זאָלען אריינגעהן אין דומע געבען זייערע שטימען, האָט ער ניט געוואוסט, וואָס דאָ אָנהויבען צו טהון. דער עולם איז אזוי גרויס געוועזען, אז אלע האָבען אין דער גרויסער זאל ניט געקענט אריין און מען האָט דעם גרויסען עולם געמוזט ארייַנלאָזען צו פּארווייז.

די צדדים האָבען ניט אויפגעהערט צו אַרבייטען, און דער עולם איז וואָס ווייטער גרעסער און גרעסער געוואָרען און אזוי ווי אלע האָבען געוואָלט אריין אין זאל, איז דער רעש און דאָס געשריי געוועזען שרעקליך, די ערד האָט פּראָסט געציטערט.

שפּעט אין דער נאַכט, נאָך פיעל מיהע און שווערער אַרבייט, ווען אַ׳ע זענען שוין געבליבען אָהן כוחות און קוים געשטאַנען אויף די פיס פון דעם גרויסען ראנגלען זיך, האָבען זיך ענדליך געענדיגט די וויבארעס, נאָך אָדין אַ ראַבינער...

נאָך דער גרויסער שווערער אַרבייט פון טעג, וואָכען און חדשים נאָך דער גרויסער מלחמה צווישען די דריי צדדים איז די שטאָדט קישיניעוו ווי איין וויסטע אלמנה ווידער געבליבען אָהן אַ ראַבינער.

באַרשעווסקע האָט בעקומען 724 ווייסע און 902 שוואַרצע גאַלקעס; קאַטלאַווקער 747 ווייסע און 880 שווארצע; עטינגער 795 ווייסע און 830 שוואַרצע.

און, ווי איהר זעהט פון די ציפערען, האָבען אַלע דריי קאַנדידאַטען בעקומען מעהר שווארצע ווי ווייסע גאַלקעס אַזוי אַז מען וועט מוזען מאַכען נייע וויבאָרעס. עס וועלען זיך אָנהויבען נייע מחלוקות, נייע אגיטאציעס מיט נייע סקאַנדאַל׳ען.

ווען, ווען, וועלען זיך אַמאָל די ראַבינער מחלוקות ענדיגען אין קישיניעוו, ווען וועט אויף דער דאָרטיגער ראַבינערשטעל זיצען רוהיג אַ ראַבינער? אויב איהר ווילט דאָס אַלעס וויסען, פרעגט דעם ענגלענדער קיטשענער, ווען וועט זיך ענדיגען די מלחמה אין טראנסוואל, פרעגט דעם בור דעוועט, ווען וועט ער מיט זיין חיל זיך איבערגעבען די ענגלענדער.

זיי וועלען אייך ענטפערען: מיר זענען גבורים און וועלען זיך שלאָגען ביז אין לעצטען טראפּען בלוט. די קישיניעווער יודען, ווי איהר קענט זיך איבערציינגען פון די ציפערן ביי די וויבאָרעס, זענען אויך גבורים און וועלען זיך אויך שלאָגען ביז אין לעצטען טראָפּען. נאָר דער חילוק איז, זיי שלאָגען זיך אזוי לאַנג איבער "פרייהייט" איבער איין אייגען שטיקיל לאַנד, און מיר יודען שלאָגען זיך נור איבער "אַ האָהן מיט אַ היהן" אָדער איבער "אַ שפּילקע אין פּופּעק" און מאַכען פון זיך אַ חורבן, אַ תל.

קען דען זיין אַ גרעסערער חורבן, גרעסערע בזיונות פאַר יודען, וואָס מיר זעהען צו שוין מעהר ווי צעהן יאָהר אין קישיניעוו די מחלוקות און סקאַנדאַלען איבער אַ ראַבינער? קען מען דען אַלעס בריינגען אויף דעם מויל אָדער אויף פּאַפּיער, וואָס דאָרט קומט פאַר צווישען די צדדים מיט זייערע אגיטאָציעס?

די גובערנסקי פּראווליעניע, דער סענאַט זענען פול מיט די קישיניעווער וויבאָרעס, און איצט וועט זיך ערשט ווידער אָנהויבען פון דעם "אלף"־"בית". אין קישיניעוו רעש׳ט מען ווידער, מען שיקט פּראָטעסטען, מען חלאפּאטשעט און מען גרייט זיך ווידער אויף נייע וויבאָרעס, וועלכע די גובערנסקע פּראווליעניע וועט בעשטימען.

א בזיון פאַר לייטען.

---

אָהן שום בזיון געוועלטיגט איצט אין דער שטאָדט וויניצע (פּאד. גאב.) איינער אַ בטלן מ. נ. ר. דער דאָזיגער פּאַרשוין ווייזט אונז צום הונדערטען מאָל, אַז ווער עס וויל נור זיין אַ ראש ביי יודען, קען עס אויספיהרען, מען דאַרף נור קענען אינטריגירען און מחלוקת אָנמאַכען צווישען שטילע מענשען.

דער דאָזיגער מ. נ. ר. איז אַמאָל אין דובנא געוועזען אַ דַיָן און פאַר זיינע שענע מעשים האָט מען איהם פון דאָרט אַרויסגעטריבען. הרב הגאון יצחק אלחנן ז״ל האָט שוין לאַנג געאסר׳ט איהם צו זיין אַ דיין איבער אַ מעשה, וואָס עס פּאַסט ניט פאַר קיין רב. די גאַנצע געשיכטע איז געוועזען בעשריבען אין דער העברעאישער צייטונג "היום" נו׳ 57 תרמ״ז.

הרב הגאון ר׳ ישראל איסר שפּירא ממעזיריטש שרייבט אין זיין ספר וועגען דעם מ. נ. ר. "המורה הזה כבן סורר ומורה".

מיט אזוינע אטעסטאַטען פון געוויסע רבנים האָט, פערשטעהט זיך, דער דאָזיגער ר. מעהר ניט געקענט ווערען קיין דיין, נאָר אזוי ווי צו קיין אַרבייט. פון וואַנען ער זאָל האָבען זיין פּרנסה, איז ער ניט פעהיג, האָט ער געפּרוווט אַרומפאָהרען אין עטליכע שטעדט, און עס איז איהם שיער ניט געראָטען צו ווערען דיין אין קאַחאַווקע, אָבער ער האָט זיך באַלד דאָרט געלאָזט דערקענען מיט זיינע מעשים טובים און מען האָט איהם פון דאָרטען אַרויסגעטריבען.

די צייט איז דערווייל געגאַנגען, דער "היום" האָט זיך פערמאַכט, פון דעם נומער 57 "היום" איז שוין לאַנג קיין זכר ניט געבליבען. דאָס ספר פון מעזיריטשער רב איז היינט אַ יקר המציאות, צוריסען דעם סדור, היינט וואָס האָט מען מורא צו האָבען פאַר דעם רבי׳ן? און דער דאָזיגער אָסטאַוונאַי דיין האָט אויפגעהערט מורא צו האָבען, גערעכענט, אַז מען האָט שוין פערגעסען אין זיינע מעשים־טובים און איז אַראָבגעקומען קיין וויניצא און אָנהויב אַלס דרשן. וויסענדיג אַז צווישען די בעלי־בתים וועט ער גאָר ניט אויספיהרען האָט ער אָנגעהויבען זיך דרעהען צווישען בעלי־מלאכות אזוי לאַנג, ביז זיי האָבען איהם געמאַכט פאַר זייער רב. קיינער וואָלט זיך אפשר אויף איהם ניט אומגעקוקט, ווען ער זאָל זיך זיצען שטיל, נאָר ווי עס שרייבט אונז אַ זיכערער מענש, אויף וועלכען מיר קענען זיך פערלאָזען, "האָט ער אָנגעמאַכט אזאַ מחלוקת אין שטאָדט, אַז עס איז ניט צו בעשרייבען, אַלע צדקות זענען חרוב ונחרב געוואָרען, איינער מיט דעם צווייטען זענען אויף מעסער שטעך און דער "רב", וועלכען מען האָט פאַר זיינע מחלוקת שוין ניט פון איין שטאָדט אַרויסגעטריבען, געוועלטיגט דאָ צווישען די שטילע אָרענטליכע בעלי־מלאכות און שווימט אַרום ווי אין פּוטער".

אַלס רב זוכט ער שטאָדט עברות, און אויף די בעלי־עברה׳ניקעס רייצט ער אָן זיין חברה חסידים, אויף די צדקה זאַכען, וואו ער איז ניט קיין הויפּט רעדעלפיהרער, לאָזט ער קיין צדקה געבען; היינט האָט ער זיך אָנגעהויבען צו ביסליכווייז אַרויסווייזען מיט זיינע אַלטע

מעשים־טובים. איינער א יוד האָט ביי דער באַהן אויף אַ טאַרג אָבגעקויפט הייזוען, האָט ער זיך דערוואוסט און געשיקט איהם רופען און געאסר'ט זיינע הייזוען. געענדיגט האָט זיך דערמיט, אז דער שענער רב האָט די הייזוען זעלבסט פערקויפט מיט טאַקסע און דאָס געלד זיך צוגענומען. דער יוד האָט איצטער אַ טענה, אז ווי באַלד די הייזוען זענען כשר, וואָלט ער זיי זעלבסט געקענט פערקויפען.

פערשטעהט זיך אַז סוף כל סוף וועט מען דעם טייערען רב פון דאַנען אויך אַרויסטרייבען, עס פרעגט זיך נור, ביז ווי לאַנג נאָך וועט ווי ניצא ליידען בזיונות פון אזא רב, אומשטיינס געזאָגט.

דער קאָרעספאָנדענט בעט אונז אין נאָמען פון אַ סך וויניצער בעלי־בתים דעם חלול־השם מיט דעם רב אָבצודרוקען אין אונזער „צייטונג", ווייל אונזערע וויניצער בעל־מלאכות לייענען נור דעם „יוד", זאָלען זיי אויך וויסען די מעשים טובים פון זייער רב.—

אֶמֶת.

P. S. נור וואָס האָבען מיר בעקומען אַ בריעף פון קישינעוו אַז די ראַבינער וויבארעס זענען דאָרט פאָרגעקומען ניט אָהן קיין אומגליקען — איינינע זענען פערוואונדעט געוואָרען, צוויי פון זיי מיט צובראָכענע הענד און פיס האָט מען אוועקגעפיהרט אין שטעדטישען שפיטאָל און די איבריגע האָט מען אָבגעפיהרט צו הויז.

---

## צייטונגען פון דער וואָך.

(קאַווקאַזער יודען.) „יודישע רייזענדע סוחרים אין אימערטיע". אונטער דעם נאָמען בעשרייבט די צייטונג „קאַווקאַז" אַ יודישען נע־ונד'ניק, וואָס פאָהרט אַרום מיט זיינע פעקליך סחורה איבער די שטעדטליך און דערפער אין די פערוואָרפענע ווינקעליך פון אימערטיע.

ניט איין מאָל בעגעגענט מען איהם אין וועג, זיצענדיג אונטער די פעק סחורה אויף זיין אַנגעלאָדען פערדיל אָדער מען זעהט איהם געהענדיג צו פוס ויך קוים שלעפענדיג אויף די שמאָלע וועגען צווישען די בערג. חאָטש ער געהט אין קאַווקאַזער קליידער, איז פון דעסטוועגען באַלד צו בעמערקען, אַז ער איז פון די בני־שם. זיין גאַנצע פיגור איז סעמיטיש, אַ בלאַס לאַנג געזיכט, אַ שפּיציגע לאַנגע נאַז, צוגעקוועטשטע ליפען, טונקעלע מעלאַנכאַלישע אויגען, אין דעם שטייגער פון זיין פאָהרען רייטענדיג זעהט ער אויס ווי אַ פרוי אויף אַ מעגער זאַטיל. אַט די יודישע וואַנדערער זענען ניט גלייך צו די יודען וואָס וואָהנען שטענדיג אין שטאָדט. דער שטעדטישער יוד איז לעבעדיג, ריהרעוודיג און האָט ליעב אַ סך צו רעדען. דער יודישער וואַנדערער איז אַ שווייגער, ריהרט זיך קוים מיט איין אבר און ענטפערט קוים, ווען מען פרעגט איהם עפּיס, אַ בעשטענדיג אָרט, וואו צו בעשעפטיגען זיך, האָט ער ניט, ער איז בטענדיג אין וועג, נור אַ דריי פיער מאָל אין יאָהר קומט ער אַ היים.

און וואוהין פערטראָגט איהם דען ניט די פרנסה! היינט איז ער אין גאַריסקער אויעזד, מאָרגען אין שאַראָפּאַנסקען, איבערמאָרגען אין קיטאַיסקען אויעזד און איידער מען קוקט זיך אום, האָט ער זיך שוין מיט זיינע פעקליך אַריבערגעטראָגען אין לעטשחום, אין ראַטשו אָדער אין סוואַנעטי.

אַ קיילעכדיג יאָהר פאָהרט ער אַרום איבער די ערטער, חאָטש ער ווייסט זעהר גוט, אַז קיין גרויסע פערדיענסטען וועט ניט זיין. עס ציהט איהם ווי אַ מאַגנעט אַרומצופאָהרען, פון געוואוהנהייט קען ער אויף איין אָרט ניט איינזיצען. זיצען איין איבריגען טאָג אין אַ שטעדטיל, איבערהויפט דאָן, ווען ער האָט זיך שוין געזעהן מיט זיינע קונים, איז ביי איהם איין אָבקומעניש—דער פריון. איז ביי איהם זעהר אַ קליינער, חאָטש אין זיינע פעקליך געפינט זיך סחורה פאַר אַ דריי־פיער הונדערט רובל. אין איין אָרט פערקויפט ער אַ קלעטציל פאָדעם, אַ בריעוויל נאָדלען, אַ פינגערהוט אָדער אַ שעריל. אין אַ צווייטען אָרט פערקויפט ער אַ שפּיגעלע, אַ קעמעלע, שפילקעס, עטליכע אַרשין ציץ אָדער לייוואַנד, אַ פידעלע פודער, אַ אָבגעגילט פינגעריל מיט אַ גלעזערן שטיינדיל א. ד. ג. נאָר ניט אַלע טאָג לייזט ער געלד, אין איינינע דערפער פערקויפט ער גאָר ניט, חאָטש מען הייסט איהם צופאַקעווען אַלע זיינע פעקליך, מען זאָל אָנקוקען זיינע סחורות און אַזוי שווייגענדיג צופאַקט ער אַמאָל פּופצעהן מיט דער האָפנונג, „אפשר וועט מען עפּיס נעהמען".

בכלל יאָגט ער זיך ניט נאָך גרויסע פערדיענסטען, ער איז צופרידען, ווען ער פערדיענט אַזוי פיעל, אַז ער מיט זיין פערדיל זאָלען זאַט זיין. מעהר ברויכט ער ניט, האָטש ער האָט פיעל אַנדערע הוצאות. צו הויז האָט ער אַ פאַמיליע פון אַ פרוי מיט קינדער און אפשר אויך איין אַלטע מוטער, קליינע שוועסטער און ברידערליך, מען דאַרף זיי אויך עפּיס צו שיקען פון זיינע פערדיענסטען, מען דאַרף אויך צאָהלען פאַר אַ בלעטיל, ער זאָל מעגען האַנדלען, מען דאַרף בעצאָהלען דעם סוחר פאַר די געבאָרגטע סחורה, ער זאָל ניט אָנווערען דעם קרעדיט, מען דאַרף צאָהלען דירה־געלד און אַלם בעל־הבית גיט ער אויך צושטייער, אַז מען זאָל אויסהאַלטען דעם רב אין זיין געגענד. אויסער דעם דאַרף ער געבען מתנות דעם עלטסטען, ביי וועלכען ער נעמט אַ פּאַספּאַרט, די שרייבער פון די דערפער, וועלכע „שרייבען צו זיין פּאַס", היינט דעם „דעסיאַטסקע" דערפאַר, וואָס ער גיט אַכטונג אויף זיין פאַמיליע... איז דען אויסצורעכענען דעם יודענס הוצאות! און אַט, ווען ער מאַכט נאָך דעם יאָהר זיין באַלאַנס, זעהט דער יודישער נע־ונד'ניק, אַז ער האָט אַ גאַנץ יאָהר אומזיסט געאַרבעט' ער האָט ניט קיין מזומנ'עם גראָשען אויף צו קויפען פרישע סחורה און מוז ווייטער אַריינפאַלען אין תובות צום גרויסען סוחר און ווייטער קויפען אויף באָרג...

אין קאַווקאַז געפינען זיך באַנדעס, וועלכע לעבען נור פון גזילה און ביי זיי איז אַ יוד שטענדיג דאָס כפרה היהנדיל, און דער יודישער וואַנדערער האָט אַ נייע הוצאה, צאָהלען אַ געוויסען מס די גזלנים, זיי זאָלען אין וועג ניט צונעהמען ביי איהם די סחורה, אָדער אין גאַנצען איהם דערהרג'ענען. די אַלע הוצאות דאַרפען טראָגען די פערדיענסטען פון זיינע געבאָרגטע פעקליך סחורה. ניט קוקענדיג אויף אַזאַ ביטער מזל, שם'ן די יודישע וואַנדערער פאַר אָרענטליכע מענשען, זיי דינען אָפט אַלס פּאַסט פון איין דאָרף אין צווייטען. מען שיקט דורך זיי בריעף און געלד און, ווי מען דערצעהלט, האָט זיך ניט געטראָפען, זיי זאָלען די פּאַקעטען ניט אָבגעבען אָדער פערלייקענען דאָס געלד.

אַראַנק זייער גוטען נאָמען, גלויבט מען זיי אומעטום, חאָטש מען האָט זיי ניט ליעב פאַר וואָס זיי זענען יודען.

זעהר זעלטען, אַז איינער פון זיי זאָל קומען צו עטוואָס פערמעגען אָדער צו אַ אייגען דאָרפיש הייזיל, דאָס מעהר ווערען זיי געבאָרען און שטאַרבען אביונים.

די צייטונג דערצעהלט ווייטער, אַז די יודישע וואַנדערער־סוחרים, האָבען אַ זעלטענעם זכרון, אַלע איינוואָהנער פון די דערפער געדענקען זיי ביי די נעהמען, זיי ווייסען אַלע וועלטנייעסען און די דאָרפסלייט דערוויסען זיך פון די לעבעדיגע צייטונגען אַלע פּאָליטישע און וועלטליכע נייעס.

(דער תנ"ך אין קליין־רוסישער שפראַך). וואָהלין דערצעהלט:

ה. קולעש אין קיעוו האָט אָנגעהויבען איבערזעצען דעם תנ"ך אין די קליין־רוסישע שפראַך. נאָך זיין טוידט האָט געענדיגט דעם תנ"ך י. לעוויצקי. די איבערזעטצונג איז געמאַכט פון דעם העברעאישען טעקסט. די איבערזעטצונג איז זעהר געלונגען, מיט איהר קען זיך פערגלייכען נור די דייטשע ביבל.

די אלמנה פון דעם איבערזעטצער האָט דעם תנ"ך איבערגעגעבען אין די גייסטליכע צענזור, וועלכע האָט ניט ערלויבט צו דרוקען דעם תנ"ך אין דער קליין־רוסישער שפראַך. דאַן האָט די אלמנה מיט דעם כתב־יד זיך געווענדט צו דער „לאָנדאָנער ביבלישער געזעלשאַפט". די געזעלשאַפט האָט באַלד געענטפערט, אַז זי קען די ביבל דרוקען און גיט פאַר דעם כתב־יד 5000 רובל.

(א בעל־טובה אויף יענעם'ס קעשענע). „הצפירה" שרייבט מען פון בוקאַרעשט, אַז מיט איינינע וואָכען צוריק האָט ה' לוי סג"ל אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אַ ושאַרגאָנישע צייטונג „האור".

און חאָטש די צייטונג איז אין פאָרמאַט נאָך קליין, אָבער גרויס איז איהר אינהאַלט. פיעל פערנעהמט זי זיך מיט די שאלות, וואָס זענען נוגע צו יודען אין רומעניען, איבערהויפּט טהוט זי אַ גרויסע זאַך, וואָס זי גיט איהרע

לעזער די יורישע געשיכטע נאך ד״ר גרעץ. אנשטאט די פוסטע ראמאנען, וואָ אנדערע הערויסגעבער געבען אום צוצוציהען דעם פּראָסטען עולם.

דאָס איז זעהר שען פון ה׳ סג״ל, וואָס וויל זיינע לעזער געבען יודישע געשיכטע אנשטאָט פוסטע ראָמאנען. אָבער מיר האָבען דאָס גליק געהאָט צו זעהן די נייע צייטונג, אין וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבען דרוקען וואָרט ביי וואָרט „די יודישע פאָלקסגעשיכטע״ פון פּראָפעסאָר גרעץ, וועלכע מיר האָבען פאַריגעס יאָהר גענעבען די אבאָנענטען פון „יוד״.

א בעל־טובה אויף יענעמ׳ס קעשענע און אויף פרעמדע אַרבייט!

(יודען ביי דער גרעניץ). וועגען דער לאַגע פון די יודען אין נאָוואסעליץ וואָס געפינט זיך ביי דער עסטרייכישער גרעניץ פון וועלכע אונזער קאָרעספּאָנדענט האָט געשריעבען אין „יוד״ נו׳ 28 שרייבט מען איצטער דעם „אד. ליסטאק״.

דאָ האָט מען בעקומען ידיעות, אז עס ווערט אין פעטערסבורג צוזאַמענגערופען אַ קאָמיסיע פון רוסישע, עסטרייכישע און דייטשע דעלעגאַטען אום צו בעראטהען איבער די לאַגע און צו דערהאַלטען דעם מסחר צווישען די איינוואָהנער, וועלכע וואָהנען ביי די גרעניצען.

די היגע איינוואָהנער, וואָס האָבען זיך משתדל געווען, מען זאָל זיי ווידער ערלויבען אריבערגעהן די גרעניץ, האָבען בעקומען אַ טעלעגראַמע פון בעסעראַבער גובערנאַטער, וועלכער געפינט זיך איצטער אין פעטערסבורג, „ביז די פראַגע וועט ענטשידען ווערען, וועט מען פערגרינגערען״.

די טעלעגראַמע האָט די דאָרטיגע איינוואָהנער זעהר דערפרעהט, ווייל איצטער הויבט זיך אָן דער האַנדעל מיט געטריידע פון נייעם אורואזשאי. און דער מאַרק דערפון איז אין יענער געגענד איבערהויפּט עסטרייך. —

---

# די יודישע וועלט.

עסטרייך. — אין די וויענער פריימויערער לאָזשען זענען ניין צעהנטיל יודען, דערפאַר שרייבט דאָס „יודישע פאָלקסבלאַט״ — טהון זיי צדקה נור קריסטען. אַ יוד, אַ מיטגליעד פון דער חברה, האָט געזאָגט דעם מיטאַרבייטער פון דער צייטונג, אַז די וויענער פריימויערער האָבען זעהר פיעל געטהון פאַר די אָרימע קוילענגראָבען ארבייטער. „און וואָס האָט איהר געטהון פאַר די אומגליקליכע רומענישע עמיגראַנטען״? האָט געפרעגט דער מיטאַרבייטער. „מיר אַרבייטען נישט פאַר יודען, נאָר פאַר מענשען!״ — האָט געענטפערט דער יודישער פריימויערער. ווי עס זעהט אוים האַלט דער יודישער פריימוירער די יודישע אָרימע לייט נישט פאַר קיין מענשען.

*

רוסלאַנד. — אין די פעטערבורגער צייטונגען זענען געבראַכט שלעכטע ידיעות וועגען אריינגעהען יודען אין די הויכע און מיטעלע שולען. די „פעט׳ ווייעדאמאָסטי״ האָבען געהערט, אז אין די אוניווערזיטעטען וועלען אריינגענומען ווערען יודען נישט מעהר ווי $3\%$ און אין מאָסקווער אוניווערזיטעט וועלען נישט אריינגענומען ווערען קיין שום יודען. די „רוסקיא וויעד״ ברענגט אַ ידיעה, אַז אין די גימנאזיעס וועלען אריינגענומען ווערען יודען נישט מעהר ווי $2\%$ יודען, דערווייל איידער די בעגרענצונגען בעקומען אַ קראַפט דורך דאָס געזעץ האָבען זיך איינינע לעהראנשטאַלטען צוגעאיילט און שוין פערמאַכט יודען די טיהרען, דער פעטערבורגער טעחנאָלאָגישער אינסטיטוט האָט שוין אויפגעהערט צוצונעהמען פּראָשעניעס ביי יודען.

קראַבקע. — ווייל דאָס פינאַנצמיניסטעריום האַלט ביי דורכגעהען די געזעצען וועגען דער קאראבקע און אָבצאָהל אויף ליכט, דערום פאָרדערט עס מען זאָל איהם צושטעלען די דאָזיגע ידיעות: א) וויפיעל פּראַמיסלאָווע סוויֿדיעטעלסטוועס ווערען אויסגעלייזט פון יודען און וויפיעל זיי צאָהלען אָב פאַר זיי געלד, ב) וויפיעל הוצאות ווערען געמאַכט אין יעדער גובערניע פון קאַראָבקע־געלד, און בעזונדער וויפיעל געהט דערפון אויף אויסהאַלטונג פון שולען און בתי־מדרשים און וויפיעל געהט אויף אנדערע בעדערפענישען, וועלכע קענען ווערען אויסגעפיהרט דורך פּריוואַטמענשען (ווי איינריכטונג פון בעדער) אָדער דורך די זעמסטוואָ אין דער שטאָדט (ווי ברוקירען און אויסהאַלטען די פייערן וועהר), און אויך וויפיעל חובות ליעגען אויף די יודישע קהלות. די אַלע ידיעות דאַרפען ווערען צוגעשטעלט דורך די דומעס ביז דעם 1־טען סעפּטעמבער.

— דער אָדעסער צייטווייליגער קאָמיטעט צו שטיצען די נויטבעדערפטיגע יודען אין חערסאָנער גובערניע האָט געפונען פאַר מעגליך איינצושטעלען פון 20/8 אָן דאָס ארויסגעבען פון שטיצען אויף עסענוואַרג, ווייל דאָס נייע גערעטניש שיינט צו זיין זעהר גוט און די נויטבעדערפטיגע וועלען קענען געפינען זייער פרנסה. דאַגעגען האָט דער קאָמיטעט בדעה פאַר דעם געלד וואָס וועט נאָך איינקומען צו קויפען געצייג די פעראָרימטע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבען געמוזט אין דער שלעכטער צייט פערקויפען זייערע כלים אויף ברויט.

— אין וויטעבסק זענען אָבגעברענט געוואָרען 800 הייזער. דאָס פייער האָט אויסגעבראָכען מיט איינמאָל אין 3 פערשיעדענע ערטער, און אַזוי געשווינד זיך איבערגעוואָרפען פון איין גאָס אין די אנדערע, אַז די איינוואָהנער האָבען קיין צייט נישט געהאָט ארויסצוראַטעווען זייערע זאַכען. הונדערטער פאַמיליען זענען געבליעבען אָהן ברויט.

— דער פערטרעטער פון אָדעסער ראַבינער ה׳ ש. פען, האָט פאָרגעלעגט אַז די אָדעסער מוהלים זאָלען ווערען עקזאַמינירט אויב זיי פערשטעהען זייער פאַך, פאַר אַ קאָמיסיאָן וועלכע זאָל בעשטעהען פון איין רב, איין געניטען מוהל און איין דאָקטאָר.

— דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז יודען, וועלכע זענען געווען צוגעשריעבען צו קישינעוו ביז דעם 27 אקטאָבער 1858 און זיך בעזעצט ביי דער גרעניץ אין דער צייט, ווען קישינעוו האָט נאָך געהערט צו די גרעניץ—גובערניעם, איז געווען לויט געזעץ, און זיי קענען איצט נישט ווערען ארויסגעטריבען פון דאָרט. (נומער 44 Восходъ)

— דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז דער פערבאָט געגען יודען זיי זאָלען נישט וואָהנען 50 ווערסט פון דער גרעניץ, פערוועהרט זיי נישט צו קומען אַהין געשעפטליך אויף אַ געוויסע צייט.

*

פראַנקרייך. — דער רב הכולל אין פראַנקרייך ר׳ צדוק כהן האָט בעקומען דעם אָרדען פון עהרעגלעגיאָן.

— די ציוניסטישע חברות פון פּאַריז האָבען זיך אַלע פעראייניגט צוזאַמען אין איין בונד. דער צוועק פון דעם בונד איז צו פערברייטען דעם ציוניזם צווישען די פראַנצויזישע יודען און צו אגיטירען צווישען די יודישע עמיגראַנטען, פון רוסלאַנד און רומעניען זענען פאַרהאַן אין פאַריז אַ״נ׳ערך פון 20,000. דער ציוניסטישער בונד האָט זיך אויך געשטעלט דעם צוועק צו זאָרגען פאַר די בילדונג פון די יודישע עמיגראַנטען אין פאַריז. דער פּרעזידענט פון דעם קאָמיטעט איז דר. אַלעקסאַנדער מאַרמאַרעק.

*

רומעניען. — אין דראַנצעני איז דער המון בעפאַלען יודען און געשלאָגען זיי מכות רצח. 2 יודען זענען געשטאָרבען פון די וואונדען און פיעל אנדערע זענען ערנסט קראַנק. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט פיעל מענשען. דער פּאָליצמייסטער איז געפאָהרען קיין בוקאַרעסט, אָבצוגעבען דעם מיניסטער דין וחשבון איבער די אונרוהען.

*

אזיען. — אין טאָמאַזאַ, ניט ווייט פון סמירנא איז געווען אַ שטאַרק געשלעג צווישען יודען און גריכען. 4 יודישע אויבסט הענדלער און איין טערק זענען אריינגעגאַנגען אין אַ גריכישע אכסניא זיך אָברוהען און עפּיס עסען, נאָר דער בעל אכסניא האָט די יודען גאָר נישט געוואָלט פערקויפען, זיי בעליידיגט און ענדליך בעפאַלען אויף זיי מיט אַ קינזשאַל און 2 יודען פערוואונדעט. די גריעכען, וועלכע זענען געווען אין גאַסטהויז, האָבען די יודען נישט ארויסגעלאָזט, און דערום האָבען די יודען געמוזט בענוצען געוועהר; איין יוד האָט געשאָסען דעם בעל־אכסניא און דער צווייטער האָט זיך דורכגעשלאָגען מיט אַ קינזשאַל אין דער האַנד דורך די גריעכען און אַלע זענען קוים אַוועק מיט דעם לעבען. דער טערק האָט מעיר געווען, אַז די יודען זענען געווען געצוואונגען צו פערטהיידיגען זיך מיט געוועהר און געלויבט זייער גבורה און מענליכקייט.

*

אמעריקא. — די „אמעריקאַנישע־יודישע היסטאָרישע געזעלשאַפט״ גיט ארויס אַלע יאָהר „היסטאָרישע מאַטעריאַליען וועגען די יודען אין אמעריקא״. אין דעם ניי ארויסגעגעבענעם באַנד פון די „מאַטעריאַליען״ געפינט זיך איין אַרטיקעל פון ה׳ מ. קאָלער „וועגען אייניגע אַלטע ציוניסטישע פּראָיעקטען אין אמעריקא״. דער מחבר רעכענט אוים 8 פערשיעדענע פּראָיעקטען צו בעזעצען יודען אין אמעריקא, כדי צו שאַפען פאַר זיי איין „רעכטליך געזיכערטע היים״. איינער פון זיי איז געווען דער פּראָיעקט פון עמנואל נח אין 1826, פון וועלכען מען האָט אַמאָל פיעל גערעדט און וועלכער איז בעשריעבען אין זאַנגווילס ערצעהלונג „נח׳ס תבה״ און אין „הציוניות בדברי ימי ישראל״, בן־אברהמ׳ס. אָבער נאָך אַסך פריהער אין מיטען פון דעם 17־טען יאָהרהונדערט איז געווען אַ געדאַנק צו בעזעצען אמעריקא דורך יודען; די דענעמאַרקשע און פראַנצעזישע וועסט־אינדישע קאָמפּאַניעס האָבען דאַמאָלס ערלויבט יודען צו בעזעצען זיך אין זייערע אַמעריקאַנישע נחלאות — קוראַסאַאָ, קאַיענע און סורינאַם. דער בעריהמטער גענעראַל פון 18־טען יאָהרהונדערט מאַריץ פון זאַקסען האָט פאָרגעלעגט אַ פּלאַן צו מאַכען אַ יודישע מלוכה אין דרום־אמעריקא, אין וועלכער ער זאָל זיין דער ראש. געגען ענדע פון דעם 18־טען יאָהרהונדערט האָבען זיך אַ טהייל דייטשע יודען געווענדט מיט אַ ביטע צום קאָנגרעס פון די פעראייניגטע שטאַטען,

אז מען זאָל זיי ערלויבען צו גרינדען אויף אייגענע רעכנונג אַ קאָלאָניע אין איינעם פֿון די אַמעריקאַנישע שטאַטען. אין 1819 יאָהר האָט איינער ראַבינזאָהן געפּלאַנט צו גרינדען יודישע קאָלאָניעס ביי די ברעגען פֿון מיסיסיפּי און מיססורי. אין מיטע פֿון 19-טען יאַהרהונדערט האָט דער אַמעריקאַנישער קאָנזול אין ירושלים קרעססאָן אוועקגעלעגט אַלע כוחות פֿאַר דעם רעיון צו בעזעצען יודען אין זייער אַלטען פֿאַטערלאַנד, און איבערגעבענדיג זיך מיט לייב און לעבען דעם געדאַנק, האָט ער זיך מגייר געווען און געוואָרען אַ יוד.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** — דער פֿינאַנצמיניסטער האָט געגעבען זיין ערלויבניש צו גרינדען אין לאָדז איין האַנדעלס שולע פֿאַר מיידליך.

*

**ענגלאנד.** — אויף דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס צו בעקעמפֿען די צאָחאָטקע האָט פּראָפֿ' קאָך פֿאָרגעלעגט זיין רעפעראַט אין וועלכען ער האָט געמאַכט די ענטדעקונג אַז דער טובורקולעז (צאַחאַטקע) פֿון בעלי-חיים קאָן נישט ווערען איבערגעטראָגען אויף מענשען. נאָכדעם ווי עס איז געפֿונען געוואָרען דער מיקראָב פֿון צאַחאַטקע — האָט געזאָגט פּראָפֿ' קאָך — קאָן מען זיין זיכער אַז די קראַנקהייט קאָן ווערען אין גאַנצען בעזייטיגט. נאָר כדי דאָס אויסצופֿיהרען מוז מען פֿריהער דערגעהען ריכטיג די אופנים ווי די קראַנקהייט ווערט אָנגעשטעקט. יעדע אָנשטעקענדע קראַנקהייט האָט איהרע בעזונדערע אייגענשאַפֿט און דערום מוזען ביי יעדער ווערען בענוצט אַנדערע מיטעל כדי צו פֿערהיטען די אַנשטעקונג. למשל, די דזומע ווערט פֿערשלעפּט נישט דורך די קראַנקע מענשען נור דורך מייז און דערום, כדי צו פֿערהיטען זי, מוזען ווערען אויסגערוימט די מייז. די חאָלערא קאָן ווערען פֿערטריבען נאָר דורך פֿערבעסערונג פֿון דעם טרינקוואַסער, די צרעת ווערט וויעדער פֿערהיט דורך אָבשיידונג פֿון די קראַנקע מענשען, א. ז. וו. די צאַחאַטקע ווערט פֿערברייטערט דורך די פֿלאַגמע פֿון קראַנקע מענשען; בירושה געהט זי איבער זעהר זעלטען און עס איז אוממעגליך אַז זי זאָל איבערגעהען דורך עסען פֿון פֿלייש אָדער מילך פֿון קראַנקע פֿיעה, ווייל דער טובורקולעז פֿון מענשען און פֿון פֿיעה זענען צוויי פֿערשיעדענע זאַכען און אַזוי גוט ווי פֿיעה קאָן נישט ווערען אַנגעשטעקט פֿון אַ שווינדזוכטיגען מענשען, אַזוי קאָן קיין מענש נישט ווערען אָנגעשטעקט פֿון קראַנקע פֿיעה.

די קראַנקהייט קאָן איבערגעהען דורך די פֿלאַגמע פֿון איין מענש צום אַנדערען, און כדי דאָס צו פֿערהיטען מוז ווערען געזאָרגט צו פֿערבעסערען די וואָהנונגען פֿון אָרימען קלאַס. אַז מענשען זאָלען נישט וואָהנען צו ענג און שמוציג. אַלע וועלכע ליידען אויף צאַחאַטקע אין אַ שטאַרקע פֿאָרם דאַרפֿען ווערען געשיקט אין שפּיטאַל אָדער אָבטהיילונגען פֿאַר שווינדזיכטיגע. אין קיין לאַנד איז די צאַחאָטקע נישט געוואָרען אַזוי אָבגעשוואַכט ווי אין ענגלאַנד, ווייל דאָרט איז דאָ פֿיעל שפּיטעלער פֿאַר שווינדזיכטיגע.

פּראָפֿ' ליסטער האָט בעמערקט, אַז חאָטש קאָך'ס בעווייזע וועגען די אונאיבערטראַגבאַרקייט פֿון טובורקולעז פֿון פֿיעה אויף מענשען זענען גענוג שטאַרק, פֿון דעסטוועגען פֿאָרדערט דער ענין נאָך פֿיעל אונטערזוכונגען און פֿאָרשונגען. יעדענפֿאַלס מוז מען זיך דערווייל היטען אַוועקצוואַרפֿען די אַלע פֿאָרזיכטסמאַסרעגעלען ביים עסען פֿון פֿלייש און מילך וועלכע מען האָט ביז איצט.

*

**פראנקרייך.**—דער לופֿט באַלאָן פֿון סאַנטאָס-דימאַנט.

שוין לאַנג זוכען די חכמים אַ מיטעל, ווי מען זאָל קענען פֿיהרען דעם לופֿט-באַלאָן וואוהין מען וויל. אין דעם פֿאַל וואָלט דער לופֿט-באַלאָן קענען ווערען אַ מיטעל צו פֿאָהרען אין דער לופֿט פֿון איין אָרט אויף דעם אַנדערען ווי דער לאָקאָמאָטיוו און דאָס שיף. נאָר ביז איצט איז די זאַך נישט געלונגען. אַ פֿראַנצויזישער פֿאַבריקאַנט האָט בעשטימט 100,000 פֿראַנק דעם ערפֿינדער פֿון אַזאַ מין באַלאָן. ה' סאַנטאָס-דימאַנט האָט איצט בעוויעזען אין פּאַריז, אַז ער איז שוין אויף דעם דרך צו ערפֿינען אַזאַ לופֿט-באַלאָן, חאָטש ער האָט איהם לעת-עתה נאָך נישט ערפֿונען.

דעם 14 יולי האָט מען אין פּאַריז געמאַכט אַ פּראָבע מיט אַ נייעם באַלאָן, וועלכע ה' סאַנטאָס האָט פֿערפֿערטיגט. לויט פּראָגראַם האָט דער באַלאָן געדאַרפֿט אַרויספֿאָהרען אויס סען-קלו, אַרומדרעהען זיך אייניגע מאָל ביי דעם אייפֿעלטהורם און פֿון דאַנען צוריקגעהען קיין סען-קלו. ער האָט דאָס אַלעס דורכגעמאַכט ריכטיג אויף דער פֿאָרבערייטונגס-רייזע, ווייל עס איז געווען דעם טאָג זעהר אַ שטיל וועטער און קיין ווינד האָט נישט געווערט. נאָר בשעת דער באַלאָן האָט געדאַרפֿט מאַכען די אָפֿיציעל רייזע, כדי צו געווינען די סומע, איז געווען אַ ווינד, און דער באַלאָן איז געפֿלויגען נישט וואוהין זיין ערפֿינדער האָט איהם געפֿיהרט, נאָר וואוהין דער ווינד האָט איהם געיאָגט און לסוף האָט ה' סאַנטאָס געמוזט איבערשניידען דעם באַלאָן, כדי געשווינד זיך אַראָבצולאָזען אויף דר'ערד. נאָר די ערשטע פֿאָרבערייטונגס-רייזע האָט געוויזען, אַז ביי אַ שטיל וועטער לאָזט זיך דער באַלאָן יאָ קערעווען און ה' סאַנטאָס פֿערזיכערט, אַז אין אַ קורצע צייט אַרום וועט ער קענען מאַכען מיט דעם באַלאָן אַ רייזע אויך אין אַ ווינד.

דער באַלאָן פֿון סאַנטאָס-דימאַנט האָט די פֿאָרם פֿון אַ ציגאַר, ד. ה. ער איז לאַנג און שמאָל. ער האָט די לענג 34 מעטער. אויף דעם לופֿט-באַלאָן הענגט אַ נאַפֿט מאָטאָר פֿון 16 פֿערדעקראַפֿט. אויף דער רייזע האָט זיך דער מאָטאָר ערוויעזען פֿאַר צו שוואַך און ה' סאַנטאָס האָפֿט, אַז ביי אַ שטאַרקערען מאָטאָר און נאָך אייניגע פֿערבעסערונגען וועט דער באַלאָן געהען נאָך זיין ווילען.

— די לעצטע פֿאָלקסצעהלונג אין פֿראַנקרייך האָט אויפֿגערודערט אַלע פּאַטריאָטען, וועלכע זאָרגען פֿאַר די צוקונפֿט פֿון זייער פֿאַטערלאַנד. די פֿאָלקסצעהלונג האָט געוויזען, אַז דעם 24-טען מאַרץ (דעם טאָג פֿון צעהלונג) האָט בעטראָפֿען די פֿראַנצויזישע בעפֿעלקערונג 28,600,000 נפשות און אַז די צאָהל פֿון די איינוואָהנער האָט זיך פֿערמעהרט נאָר אין די פּראָווינצען מיט גרויסע שטעדט אָבער אין די איבעריגע פּראָווינצען האָט זיך די צאָהל פֿון די איינוואָהנער פֿערקלענערט. סך הכל האָט זיך פֿערמעהרט די בעפֿעלקערונג אין 1890-טען יאָהר מיט 330,000 מאַן, אָבער דער צוואַקס איז געקומען נאָר דורך אַריינפֿאָהרען פֿון אויסלענדער. דער דירעקטאָר פֿון סטאַטיסטישען ביוראָ שרייבט וועגען דעם „אַז די פֿערקלענערונג פֿון דער בעפֿעלקערונג וועט ברייגען דערצו, אַז פֿראַנקרייך קען אויפֿהערען צו שפּיעלען די גרויסע ראָלע אין דער וועלט, וועלכע זי שפּיעלט איצט“.

---

## דֶער בֶּעטלֶער.

ס'גֶעהְט אַריין איין אָרֶעמאַן
מִיט אַ בָּארְד אַ גְרָאהֶע;
שְׁטֶעלְט זיך שְׁטִיל אַוֶועק בַּיים שְׁוֶועל,
מוּטְהְלָאז, מִיט הַכְנָעָה.

עֶהְרֶע, מֶענְשְׁלִיכֶעם גֶעפִיהְל
אִין זַיין אוֹיג פֶּערְלָאשְׁעֶן,
אוּן עֶר שְׁטְרֶעקְט אוֹיס שְׁטוּם דִי הַאנְד,
בֶּעטֶעלְט שְׁטוּם אַ גְרָאשְׁעֶן.

ס'אִיז אַ מֶענְש! דִי קְרוֹין דֶער וֶועלְט,
ס'הֶעכְסְטֶע פוּן דִי בְּרִיוֹת;
זֶעהְט, וִוי נִידֶערִיג עֶר אִיז,
וִוי גֶעמֵיין אוּן מָאוּס!

מִילְבֶען קְלֵיינֶע דָארְט אִין וַואלְד
וֶוגֶען וֶועלְבֶּסְט זיך שְׁפֵּייזֶער,
אוּן דֶער מֶענְש, דִי קְרוֹין, דִי קְרוֹין,
בֶּעטֶעלְט אִין דִי הֵייזֶער!...

אברהם רייזען

---

## גְדַלְיֶה סוֹפֵר.

גדליה סופר ווארפֿט זיך אין קלויז פֿאַר נאַכט פֿון איין ווינקעל אין אַנדערען און קאָן ניט ענדיגען דעם אָנגעהויבענעם „מַעֲרִיב“: ס'איז אַ גרויסער עולם אין קלויז, מ'שטעהט קאָפּ אויף קאָפּ... נאָר דאָס שלאָגט איהם ניט איבער; וואָס איז? ער איז ניט געוואָהנט מיט יודען?! ביים רבי'ן זאָל לעבען, ווען ער פּראַוועט טיש איז אַמאָל ענגער!... נאָר דאָ האָבען זיך צונויפֿגעקליבען נקבות-חצופות! אַזאַ חוצפּא, אַזאַ הפקרות! ווייבער — אין אַ קלויז! וואָס איז עס אַ טריאַטער?! אַ קיך איז עס? האַ?!“

ער האָט שוין דריי מאָל זיך אומגעקעהרט צום אָנהויב „קְרִיאַת-שְׁמַע“ און דערשלעפּט זיך ביז „וְלֹא תָתוּרוּ אַחֲרֵי לְבַבְכֶם וְאַחֲרֵי עֵינֵיכֶם“ און דאָ ווערט ער פֿערבלאָנזעט אויף „לְטוֹטָפוֹת בֵּין עֵינֵיכֶם“ דורך אָט די קְלִפּוֹת!

טאַקי נור מעשה-שטן: ער איילט זיך, ער וואָלט וועלען ענדיגען דעם מעריב, איידער דער „אַכבעראָש“, דער „קְלִפּה'ניק“, דער מיסיאָנער,

דער, ווי רופען זיי עם איהם, דער מַטִיף — וועט אָנקומען: ער ווילל איהם אין זיין פּאַר וואַשען פָּנים ניט קוקען — און דאָ איז מעשה שטן! די קְלִפּוֹת וענען איהם מְבַלְבֵּל!

[1] „קאַקי הִיוֹרָא" ! רעדט ער זיך אוים אין געדאַנק: „וואָס אַרען זיי מיך? ווייסע גענז! זיי גוגערן טאַקי גור, ווי די גענז! עס שטעכט מיך נור דער חלול השם! אבער זיי — וואָס אַרען זיי מיך? קאַקי חיורא!"

נאָר די „קאקי חיורא" זענען שוין צו־ווים: זיי. שטעכען איהם אין די אויגען!... זיי זענען איהם שטאַרק מבלבל!

מַעֲשֶׂה שָׂטָן — איידער ער האָט זיך געשטעלט שְׁמוֹנֶה־עֶשְׂרֵה, איז דער אַכבעראַש אָנגעקומען!

די שמונה־עשרה האָט אויך מעהר גערויערט, ווייל דער אַכבעראַש האָט איהם נאָך מעהר מבלבל געווען.

ער איז קוים אויסגעשטאַנען און וויל אַרויסלויפען, נאָר, ווי אויף להכעים, שטעהען נקבות ביי דער טיהר! ער קאָן ניט אַ־ויס־געהן!

„טאַ, רבש"ע, איז ער אויף זיך מְקַבֵּל די יסורים באהבה: מִסְתָּם איז'ס איין אָבקומעניש! נו, באַרמהערציגער פאָטער, ביזט אוראי גערעכט!"

„הא! הא! עַפְרָא לפומיה! [2]) חאַפּט ער זיך אַלע מאָל אויף, ווי איין אבגעבריהטער: עַל הַשֵּׁם וְעַל מְשִׁיחוֹ!... אָט וואָס הייסט איין אַפּיקורס!"

„חא — חא — חא! צולאַכט ער זיך מיט גאַל: קוק ווי ער האָט זיך צופעסטעט! ס'טוהט איהם וועה פאַר כלל ישראל! אַז וועה איז אונז, אַז אַזעלכע ימח־שמו'ניקעס ווילען אונז נאָר טובות טהון!"

„חא — חא — חא! וויל ער לאַכען און לאַכט: „תּוֹרָתֵנוּ הַקְּדוֹשָׁה"! פערשטעהט זיך! אַוודאי — דיין תורה! חלול השם! וואלסטו ניט געשוואָרען — ער מיינט עס ערענסט? עס קרענקט איהם אַוודאי דער חלול השם!... נו־נו!... אַך, רבונו של עולם!"

„אָט דאָס איז אַ קלאָץ־קשיא! ברומט ער זיך. ס'פּלעגט אַמאָל זיין אַפּיקורסים — למדנים.. היינט, אומשטיינס געזאָט, זענען זיי ווילדע גראָבע יונגען! בורים וואָס בורים הייסען! ער מיינט אין אמת'ן, אַז וואו ס'שטעהט „ירושלים" אָדער „ארץ־ישראל", מיינט מען דאָס „ירושלים", וואו די „ישמעאלים" זיצען, אָדער דאָס „ארץ ישראל" וואו די — ווי הייסען זיי? — „קאָלאָניסטען" זיצען!... פון „ירוּשָׁלַיִם שֶׁל מַעְלָה" ווייסען ניט אָט די בורים!"

ער בלייבט אַ ביסיל רוהיג און הערט זיך צו צו דער דרשה כדי צו האַפען דעם „אַכבעראַש" ווידער — אין אַ גרייז, עס שלאָגט איהם איבער דער רויש פון'ם עולם, נאָר ער רוקט זיך צו נעהנטער צום אָרון־קדש; און קוקענדיג צו דעם סופיט, האַלט ער גרייט דעם לינקען אויער און האַפּט ווערטער.

דער „בעל דרשה", אָדער דער „מַטִיף" אַ מאַן פון אַ יאָהר פערציג, מיטלער וואוקס, מיט אַ רוהיג נאָר אַ לעבענדיג געזיכט, מיט אַ זיכערען, טיעפען בליק — ער שטעהט פאַר'ן אָרון קֹדש אויף דער העכסטער טרעפ מיט'ן טלית אויף די אַקסעל, מיט אַ מָגֵן־דָוִד'קע (זעכס עקיגע יאַרמאלקע) אויפ'ן קאָפּ אַראָבגערוקט פונם ברייטען, פלאַמענדען שטערן; מיט שטעכענדיגע בליקען נעמט ער דורך דעם עולם, און פונ'ם מויל טריעפט צייטענווייז האָניג און מילך, צייטענווייז—שוועבעל און פעך! ער הויבט אָן מיט אַ ווייכינקער, זיסער שטימע; ער דערצעהלט אַ מַעֲשֶׂה'לע, אַ מָשָׁל'ע; דעם עולם טהוט ווילד הנאָה... איינער טהוט אַ שמייכעל... דער צווייטער — טאַקי אַ לאַך—נאָר זיי בעצאָהלען באַלד דאָס לאַכען מיט האַרצרייסענדע זיפצען, טהייל — מיט טרעהרען: דער בעל דרשה האָט פון זיין משל'ע אַרויס דערטאַפּט אַ פערשניצטע שטעכעלקע!.. ער שטעכט, ער רייסט שטיקער, ער ווייזט דעם אמת נאַקיט... און דו מוזט איהם זעהן, חאטש דו ווילסט ניט, חאטש ער בריהט דיך.

„אוי, יודען! וואו זיינען מיר?" פרעגט ער מיט פייער.

„אוי" רייסען זיך אַרוים טיעפע זיפצען פון הונדערטער ברוסטען.

„מע זאָגט אויף אונז — מיר בעניצען קריסטליך בלוט אים פסח צו די מצות, נאָר דאָס איז נאָך ניט דאָס גרויסע אומגליק: מיר ווייסען — ס'איז ליגען, מיר זענען די גערעכטע. נאָר אַז מע זאָגט אויף אונז — מיר זענען מעקלערס, פראַצענטניקעס, קאָנטראַבאַנדיסטען; אַז אונזער אקין איז איינגעשרומפען, און דער טשעטווערטיק — אויפגעבלאָזען — אָט דאָס איז אונזער גרויס אומגליק! מיר ווייסען, ס'איז מעהר אמת ווי ליגען, מיר זענען נידעריג, פערהאַסט און ניט גערעכט!"

דער עולם שעמט זיך אויפצוהויבען די אויגען.

„מיר קלאַגען זיך — מע האָט אונז פיינד, הערט זיך ווידער דעם מטיף'ס ווערטער פון אַ נייעם ענין: נאָר האָט דען איין יוד דעם אַנדערען ליעב? האָט דען ראובן ניט פיינד זיין שכן שמעון מיט מעהר גיפט, מיט מעהר גאַל ווי דער גרעסטער שונא ישראל? פרעגט נור אייערע אַדונים: פון וואַנען זענען זיי געוואהר געוואָרען, אַז יענקיל טאָר דאָ ניט וואהנען און בערלען האַלט מען ביי אַרויסשיקע, און הייקיל דאַרף האָבען אַ גרוים „בלעטיל" אויף דער קלייט — ווער האָט עס זיי דערצעהלט, אַז ניט איין אַנדערער „יענקיל, חייקיל, בעריל אָדער שמעריל"! מיר, מיר אַליין, ברידערליך, מיר אַליין זענען די גרעסטע „שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל"!

דער עולם האַלט ניט אוים: מע חליפעט, מע שלינגט טרעהרען, מע דערשטיקט די זיפצען... עס טריעפען ערטער־ווייז גערייכטע, הייסע טרעהרען.

און פון איין אֱמֶת צום אַנדערען געהט דער מַטִיף איבער; ער איז קיינעם ניט נוֹשֵׂא פָּנִים; ער רעדט וועגען „רַבִּי'ס" אויך! און רעדט מיט כָּבוֹד, מיט דֶרֶךְ אֶרֶץ, נאָר „מיט כבוד — מיט דרך ארץ" זאָגט ער זיי אויך דעם אמת.

„גדליה האָט זיך פערטראַכט. ער האָט פערגעסען די „קאָקי חיורא"; זיי זענען איהם אַצונד מבלבל. נאָר צייטענווייז שפּרינגט ער אויף, ווי אַ טיגער, און... לאָזט זיך צו דער טיהר, נאָר ביז ער שטופּט זיך צו, פערגעסט ער וואוהין ער האָט געזאָלט געהן, און בלייבט אין מיטען וועג פערטראַכט... און פערגעהט גאָר פון דער אַנדערער זייט בעלעמער, און... געפינט זיך ווידער נעבען עַמוּד.

ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס דער אַכבעראַש האָט געענדיגט דאָס „פּרעפּלען" זיינס, די „קאָקי היורא" זענען אויך אַרויסגעגאַנגען. גדליהו איז נאָך אויף אַ ווײַלע געבליבען:

ער האָט זיך דערמאָנט ער האָט נאָך ניט געזאָגט „עָלֵינוּ".

„טפו, יִמַּח שְׁמָם וְזִכְרָם!" האָט ער דאָס מאָל ערענסטער ווי תָּמִיד אַ שפּיי געטהון, געענדיגט „עלינו", און אַהיים געגאַנגען.

* * *

שוין אַ היבשע צייט שטעהט גדליה נעבען זיין בעט אויסגעטהון די קאַפּאָטע פון איין אַרביל און לייענט קְרִיאַת־שְׁמַע, ער האָט זיך טוֹעֶה

[1]) ווייסע גענז.

[2]) ערד איהם אין פּיסק אריין.

געוועזען און אויסגעטהון די קאפאטע ניט ווי דער דין איז: דאס הייסט פריהער די רעכטע האנד. ער האט זי דערפאר צוריק אנגעטהון, כדי נאך אמאל זי אויסצוטהון, ווי מע דארף... ער האט זיך אבער אין מיטען פערטראכט... ער חאפט זיך אויף, און טהוט זי אויס טאקי וויעדער ניט ווי ער דארף.

"הִשָּׁמְרוּ לָכֶם פֶּן יִפְתֶּה לְבַבְכֶם"... "טפו!" טהוט ער מיט כעס א שפיי אויף זיין טעות אינ'ם אויסטהוען, און דערמאנט זיך טאקי דא, אויפ'ן ארט, אז ער האט א גרויסע עֲבֵרָה געטהון: "געשפיגען נאך א פסוק!"

"אין לו חלק לָעוֹלָם הַבָּא! ניט ער א טראכט און טהוט א גע־מוטשעטען זיפץ: אט צו וואס אזעלכע הרהורים קענען ברייננגען! איין עברה שלעפט נאך די אנדערע!"

ער זוכט עפיס א געדאנק צו טראכטען, אבי ארויסצוטרייבען יענע הרהורים, וואס שטופען זיך אזוי אין קאפף אריין. ער דערמאנט זיך אן זיין בתולה: "די פלונית לעכערט מיר טאג טעגליך דעם מח... "שוין צייט"... זי ווערט איבערגעוואקסען... קיין עין הרע א פנים שוין פון א יודענע"... זי מיינט איך שווייג... שוין דריי יאהר זייט איך שרייב איין אין די קוויטליך צום רבין, זאל לעבען, שֶׁתִּזְכֶּה לְזִוּוּג הָגוּן"...

דער יודישער כבוד ווערט געטראטען מיט די פיס, די יודען ווערען פערשווארצט, זיי פאלען אלץ טיעפער און טיעפער און וואס טהוען די רבי'ס זאלען לעבען פאר אונז, פאר דעם כלל?

עס לויפט איהם איבער א שוידער איבער'ן לייב:

"א שאלה א ביסעל וואס זיי טהוען, מאטערט ער זיך צו פער־ענפערען: געה גיב דעם אפּיקוֹרס אָב חֶשבון, וואס זיי זאלען לעבען, טהוען, אז ער איז קיינמאל ביי קיין טיש ניט געוועזען! די מוסף'דיגע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה פון ראֹש הַשָּׁנָה, ווען ער זעהט! זיבען פערטיל שעה געדויערט זי! און וואס פאר א רִיסוּק אֵבָרִים ער, זאל לעבען, מאכט דערביי!"...

ער דערמאנט זיך פלוצלינג אן א מאמר פונ'ם רבי משה ליב סאסעווער ז"ל:

"מיליאנען מַלְאָכִים, פלעגט ער, זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ, זאגען: רִבְבוֹת פון שרפים בעשאפט גאט ברוך הוא אלע טאג, וועלכע זינגען איהם שירה, שפרינגען "קדוש", נאר ניט איינער פון די מלאכים, שרפים קאן מחיה זיין א יודען, ראטעווען א נפש דאס איז כביכול וּשעדנע!"

"נו, אקעגען וואס'זשע איז דאס?"

"יא. אקעגען דעם וואס דער אכבעראש פ־ענט: געה דערצעהל איהם וואס זיי טהוען?"...

מע זאגט אז רבי משה ליב סאסעווער ז"ל האט פון פדיון שבויים וועגען פערקויפט אלע ספרי־תורות פון דער קלויז"...

ער ענדיגט ניט זיין געדאנק, און פאר זיינע אויגען שטעלט זיך פאר א בילד, וואס דער אכבעראש האט אזוי שארף אויסגעמאלט:

"שכור'ע פאלען אן אויפ'ן בית מדרש... הויבען אויף דעם ארון קודש... נעמען ארויס די הייליגע ספרים... צורייסען אויף שטיקליך... צוטרעטען אויף שמות..."

"איי... איי! רבונו של עולם! עד מתי?"

די טרעהרען שטעלען זיך איהם אין די אויגען.

פאר וואס טאקי אין אמת'ן האבען גוטע יודען געשוויגען? שטעלט זיך איהם אב א געדאנק, ווי א ביין אין האלדז: מילא צרות איז איין אבקומעניש!.. זענען מקרב דעם קץ — איז רעכט!.. אבער אזא חילול השם: ספרי תורות געריסען! רבונו של עולם!

"יגער השם בך השטן, טהוט ער א מורמעל אויפ'ן חשבון פון דער קריאת־שמע, און מיינט עס טאקי אין איין וועג — א שטאך דעם יצר הרע זיינעם, וואס בריינגט איהם צו אזעלכע געדאנקען: יגער השם בך השטן ויגער השם בך הבוחר..."

"צי קענען זיי ניט? טענה'ט ווידער א געדאנק אין איהם, און שלאגט איהם איבער די קריאת־שמע.

"אוי קענען זיי ניט! פאר וואס האט ער, זאל מאריך ימים זיין, געקענט אבראטעווען ר' שמערל'ס זוהן פון גוי'שע הענד? ס'איז דאך געוועזען א מעשה פלא! וואס האט דער יונגערמאן נעביך געטהון? וויפיעל ענגליש זאלץ אין זיך אריינגעשיט! די הענד זיך אויסגעצויגען! א קניה זיך אנגעצויגען! עס האט גאר ניט געהאלפען, ביז ער, זאל לעבען, האט זיך ניט אריינגעמישט: איין הבטחה זיינע — און די אדונים זענען פלוצלינג ווייכער געווארען, און האבען געמוזט נעמען ביי איהם וויפיעל עס איז געוועזען".

"זיי קענען, זיי קענען!"

"און אז זיי קענען יא, פאר וואס'זשע טהוען זיי טאקי ניט?"

פאר וואס טאקי, וויפיעל עס קאסט מיר הוצאות, וויפיעל איך בעט ביי איהם א זווג פאר מיין רבקה'לען און קען ביי איהם ניט אויס־בעטלען! ווייסט ער דען ניט אז מֵעַגֵן זיין א בתולה איז א גרויסע עברה?"

מילא מיט מיר, ווי עס איז שוין, מִסְתָּם בין איך ניט ווערט!... נאר כְּלַל יִשְׂרָאֵל... אך, רבונו של עולם!... כלל ישראל!... סִפְרֵי תּוֹרוֹת געריסען... די שְׁמוֹת הַקְּדוֹשִׁים! נגוואלט, וואס שווייגען זיי!"

א שוידער לויפט איהם איבער; ער קארטשעט זיך איין אין דרייען, גלייך ער וואלט זיך שרעקען פאר עמיצען: ער פיהלט, אז אין דער מינוט איז ער מעהר אפיקורס פון יענעם אכבעראש: "יענער בור האלט, אז זיי קענען ניט... דעריבער טהוען זיי ניט... איך ווייס דאך אבער דעם אמת — זיי קענען יא!"...

"און זיי טהוען ניט! פארוואס?"

"ארט זיי דען ניט?

"הנה מטתו שלשלמה, האפט ער זיך צוריק צו דער קריאת שמע. און וויל זיך פערשרייען: שִׁשִּׁים גִּבּוֹרִים סָבִיב לָהּ מִגִּבּוֹרֵי יִשְׂרָאֵל כֻּלָּם אֲחוּזֵי חֶרֶב"...

די ליפען הערען זיך אויף צו שאקלען... ער דערמאנט זיך א נארישקייט:

"פאר א יאהרען איז געוועזען א חתונה ביי א י ה ם, זאל לעבען, ביים עלטערן זוהן"...

"האבען זיך זעכציג יונגע לייט אנגעטהון אין שווערדען, און א־קעגען געפאהרען די מחותנים... אוי איז דאס געוועזען א שמחה! ווער עס האט די שמחה ניט געזעהן!"...

"אך רבונו של עולם, ספרי תורות געריסען!... געוואלט, גאטעניו!"

ער האט זיך שטארק צוויינט.

ענדע קומט.

יהודה שטיינבערג.

---

Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

# נדבות

פיר די בריסקער נשרפים: ה׳ ש׳ גרויס אויס סענצא 50 ק׳, פיר די הונגערליידענדע אין בעסעראביע: הנ"ל 50 ק׳.

געזאַמעלט דורך ה׳ מ. קצין:

פיר די הונגעריגע אין בעסעראביע: אין חאָטש: הה׳ א. ארבוז 1 רו"כ; מ. קאליסקי 50 קאפ. שיע 5 קאפ. אין סטאוויטשין: הה׳ ש. בלאך 1 רו"כ; ל. קלינגלער 50 קאפ.

פיר די נשרפים: אין חאָטש, הה׳ קלוטשקאווסקי 50 קאפ; לעווין 25 קאפ; מ. קצין, אַלעסיעץ 2 רו"כ; ה׳ לעוויטטע 1 רו"כ; ס"ה 6,80 רו"כ.

# בריעפקאסטען פון דער אדמיניסטראציאָן.

ה׳ ב. בעקער—זגוריצא: ווען די 4 בענדער וועלען זיך ענדיגען וועלען מיר מודיע זיין איין פרייז פיר געבונדען אויך; די נו׳ 3 געפינט זיך, דער פרייז — 15 ק׳.

ה׳ סטאווסקי — סאסנאָוויצי: שיינט אונז אַז די צייטונג ערשיינט שוין גאָר נישט מעהר; אַלענפאַלס קיין אבאָנאָמענט געהמען מיר דערוויך נישט אויף.—

ה׳ ש. בריקער—לאַנדקארון: די נו׳ וועלכע איהר פרעגט וועלען אייך קאָסטען 2.50 ר׳.

ה׳ יעקב לערנער—מיראפאל: ביטע צו צושיקען נאָך 25 ק׳: „דער יוד" קאָסט א פיערטעל יאָהר 1.50.—

ה׳ א"מ סאמאָיילאָוויץ — דראבאָווא: אומבייטען די אדרעססע קאָסט 20 ק׳: אַליין איינס צו אַ גרויסע צו „אַ קליינע אומענדערונג".—

ה׳ נ. קולישעווסקי—ביטען: וועגען וואָס איהר פרעגט—פערשפּאָרען מיר אייך שוין צו ענטפערען, ווייל איהר האָט שוין געוויס ערהאַלטען און דאָס איז דער בעסטער ענטפער. נור וועגען דער עיקר־השאלה פון „ביני לבן חמי" איז נאָך פיעל דאָ צו רעדען און נישט דאָ איז דער אָרט. —

ה׳ יעקבסאָהן—ריגא: „אָסט אונד וועסט" איז איין מאָנאַטליכער זורנאַל און קאָסט 4 ר׳ יאָהרליך, 2 ר׳ האַלביאָהרליך. דורך „אחיאסף" צו אבאָנירען. —

אבאָנענט נו׳ 5074—78—2777: די 2 נישט דערשיקטע נומערן — פעהלען.

ה׳ יהושע שווארץ—חערסאָן: איהר קאָנט שיקען 20 ק׳ וועט מען אייך ענדערען די אדרעססע אַזוי ווי איהר פערלאַנגט.

ה׳ טאָראָנציק — סאמארקאַנץ: די געווינשטע נו׳ קאָנט איהר ביי אונז בעקומען צום פרייז פון 2,50 ר׳.—

ה׳ מ. עדעלסבערג—זאמאשץ: די נו׳ זענען דאָ; יעדע נו׳ 15 ק׳.—

ה׳ ש. פיטלאראווסקי — מינסק: מיר האָבען אייך דאָך די נומערן אין דער צייט געשיקט, און אַז עס פעהלט אייך—מוזט איהר קויפען.

ה׳ 3762—ריגא: די „וועלט־געשיכטע" איז געשריעבען זשאַרגאָן, נישט דייטש. דער פרייז פיר די אבאָנענטען פון „דעם יוד" 1.50 מיט פאָרטא.

# געזעללשאפט „כרמל“, ווארשא




ל פאריז 1900

## פערקויף פון נאטירליכען וויין און קאניאק

וועלכע ווערען אויסגעארבעט אין באראן ראטהשילד'ס
וויינקעלערען אין די יודישע קאלאניעס אין ארץ ישראל.

אבטהיילונג פיר זיד־רוסלאנד אין אדעסא.



די מארקע איז בעשטעטיגט
פון דער רוסישער רעגירונג.

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. ניט זוימט אין פרעגט אן ביי:

Варшава, Госпожѣ Бергѣ Найдичъ

---

## שפיגעל־פאבריק

## ל. אידעלזאהן, ווארשא

רימארסקא נו׳ 10

עמפפעהלט זיין גראססעס לאגער פאן פערשיעדענע שפיגעל, שפיגעלגלאס, טרעמאשפיגעל אז״וו.

פערקויף ענגרא עט דעטאיל.

---

## וואונדערליך ביליג! א זעלטענער צופאל!



עהרער אנצוקלאפען אויפ'ן טהיר א וויזיט קארטע איז גלייכער צו בעשטעלען פיר זיך פאר א גאנץ ביליגע פרייז א געגראווירטע מעשענע בלעטעל, מיט נאמען און פאמיליע, פיין געארבעט, און בעדעקט מיט שווארצע עמאליע — די גרייס 17 סאנטים. × 6 סאנט. קאסט איבעראל 3 רו"ב און ביי מיר 1·15 מיט צושטעלען צו הויזע. די פרייזען פון מיינע קאאוטשוק־סטעמפלען זענען אויסער קאנקורענץ: גיקלירטעס שרייב ניצייג מיט א קאאוטשוק סטעמפעל מיט'ן נאמען און פאמיליע, סטעמפעל אויף ליאק מיט 2 בוכשטאבען, פעדער, בליישטיפט 75 ק. מיט פארטא, אהן פארטא 40 ק., די וואס בעשטעלען 5 שטיק מיט איין מאל צאלען מעהר נישט צו 50 קאפ. מיט פארטא. בעשטעלונגען, גענען האנד־געלד פר. נאכ:אמע.

אדרעס: ווארשא רימארסקא 3, וועליקסאהן. — אגענטען ווערדען געזוכט

---



**Оптическій и хирургическій складъ**

И. ПИКЪ

Налевки 35, въ Варшавѣ.



עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען ברוכבענדער עלעקטרא־גאלוואנישע וועלכע היילען גרינדליך דעם שווערסטען ברוך, לייבבענדער, בויכבענדער פיר פרויען עלאסטישע זאקען פיר געשוואלענע פיס, ברילען מיט וועניציאנישע גלעזער וועלכע די אייגענשאפט בעזיצען די אויגען צו שטערקען, אויך פערשיעדענע כירורגישע און אפטישע געגענשטענדע פיר קראנקע, ברוכבענדער ווערדען צוגעפאסט דורך איינען ספעציאליסטען.

---

## סוחרים! מוכרים!

איך קויף צו יעדער צייט „מוטערקארן“ (Рожки, Шпорь) „שפאנירפליענען„ „לוקאפאר“ און צאהל דעם גרעסטען מקח.

D. ANDERMAN. BRODY (Austria).

Д. АНДЕРМАНЪ въ БРОДЫ (Австрія).

---

## דאנטיסט

## בערלין־קרופיצקי, ווארשא

נאלעווקי נו׳ 7

ספעציאליטעט־קינסטליכע צאהנע קראנען און בריקען ארבייט (אהנע גומען).

!! רעפערירט אין 2 שטונדען !!

---

אונענטבערליך פיר יעדעס יורישעהויז!

איזט דאס נייערשיענענע בוך:

## בית ישראל

מאראלשריפטען פיר דאס יודישע הויז.

יערער פאמיליענפאטער, יערע מוטער די איהר הויז נאך יורישער מאראל פיהרען וואלען און איהרע קינדער אים גייסטע רער וואהרען יודישען זיטענלעהרע ערציעהען מעכטען, זאלטען אונבעדינגט דיזע העכסטע ווערטפאלע שריפט לעזען.

די אויספיהרליכע פאפולערע בעהאנדלונג אין לייכטער אנגענעהמער יודיש־דייטשער שפראכע דער וויכטיגסטען פראגען ווי: זיטליכקייט, ליעבע, וואהלטהעטיגקייט, הויזפריעדען, פרויענפראגע און פיעלע אנדערע, מאכט דיעזעס מערקווירדיגע, אין אונזער ליטעראטור איינציג דאשטעהענדע בוך, פיר די ווייטעסטען קרייזע דעם יודישען פובליקום אונענטבעהרליך און צוגענגליך, און ואלטע עס אין קיינעם אינטעליגענטען יודישען הויזע פעהלען.

פרייז 70 קאפ׳ מיט פארטא. פער נאכנאהמע 80 קאפ׳.

Л. И. Гиршовичу, Варшава,
Новолипки 27.

---

## לעהרערס מיטאגע

פרייז פיר א מיטאג פון 6 שפייזע 25 ק׳, מיט פיש 30 ק׳. אויך מיטאג פיר 20 ק׳ 5 שפייזען נור פון 12 ביז 3 אוהר.

גענשא נר. 20 2־טער שטאק.

פערגעסט ניט די אדרעסע.

---

אומזיסט פראספעקט פון חעמישע וועשערייי און בעטפעדערן רייניגונג

М. Салямонъ Бѣлостокъ Никол. ул.

---

## !! מעבלירטע צימער !!

מוסטערהאפט זויבער און בעקוועם איינגעארדענט, אים פרייזע פון 50, 60, 75, 90, 1,25, 1,50 ביז 2 רו"כ א טאג. באדע־צימער (וואננעס), גאזבעלייכטונג. רעעלע בעהאנדלונג און פינקטליכע בעדיענונג. מיטטאגע פרישע און שמאקהאפטע פון 35 קאפ. אן. סאמאווארען א 10 קאפ.

ה. דווארעצקי, סט.־יערסקא נו׳ 34.

Меблированныя комнаты
Х. М. Дворецкаго, Варшава
Св. Георгія 34.

---

## אהוב את המלאכה

אלע סארטען שפיגעל - מאכען גרינדליך לערנט אויס דורך בריעפע

דער 25 יעהריגער פראקטיקאנט אין די שפיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**
Варшава, Слизская 22.

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד !!!

אדריסתי היא רק בת ג׳ מלים:
Я. Нейдичъ Варшава.

---

## Пользуйтесь случаемъ!

Только за 5 руб. высылаю коллекцію морскихъ раковинъ перламутровыхъ разныхъ породъ. Специальная мастерская издѣлій изъ раковинъ и бронзы письменныхъ и туалетныхъ принадлежностей. На коллекцію задатокъ въ размѣрѣ 25% высылаю франко.

Адресъ: В. А. ТРАЙНИНУ
Варшава, Налевки 35.

---

## א. וואלף, דענטיסט.

(DENTISTE)

ווארשא, קארמעליצקא נו׳ 27.